# פ ע ר ז אָ נ ע ן

פּראָפעסאָר העראַלד שפּיצבערג, נוקלעאַר־פיזיק־פאָרשער

פּאַטרישאַ, זיין פרוי

באַרבאַרא } זייערע קינדער

סימאָר

שרה, העראַלדס מוטער

בערנאַרד, שרהס ברודער

מאָרטאָן פולשיין, באַרבאַראַס מאַן, רעפּאָרטער

דזשאָו, פּאַבליסיטי־אַגענט

חייקל

דאָקטאָר פיליפ מענקוס

פּיטער באַסיני, פּיאַניסט

פאַרבייגייער

בעטלער

ערשטער שטאַם־גאַסט } קיביצערס אין קאַפע

צווייטער שטאַם־גאַסט

לואיז, „די פּאַריזערין"

א ר ט : אַ גרויסע אַמעריקאַנער שטאָט.

צ י י ט : איצטיקע.

# ערשטער אַקט

**אַ גערוימער חדר. דינט אַלס פּאַרוויילונג־צימער און טיילווייז אויך אַלס פּ ר אָ פ. ש פּ י צ ב ע ר ג ס אַרבעטס־קאַבינעט. באַשיידענע מעבל, האַלב מאָדערן, אַ ביסל שרייעדיק. אין הינטערגרונט — אַ פענצטער און אַ טיר צו ס י מ אָ ר ס חדר. רעכטס צוויי טירן. די פאָדערשטע טיר — פירט צו אַ חדר, וואָס ה ע ר אָ ל ד באַנוצט. די צווייטע טיר פירט צו די איבעריקע חדרים. לינקס — אַ טיר צום אַרויסגאַנג.**

**ה ע ר אָ ל ד זיצט ביים שרייבטיש, אָנגעוואָרפן מיט פּאַפּירן און ביכער. קוקט אַריין אין אַ פּאַפּיר, בלעטערט אַ בוך, פאַרצייכנט. לייגט אַוועק. קוקט ווידער אַריין אין אַ פּאַפּיר. ער איז אין עלטער פון אַרום 50. קליינער פּליך באַלד איבערן שטערן. די האָר לייכט דורכגעשפרענקלט מיט גרוי.**

**שרה** (זיצט אויף אַ וויגשטול אין אַ ווינקל, וויטלעך פון שרייבטיש. נייט איין קנעפּ אין אַ בגד. ווי צו זיך)

**סימאָר — געזונט זאָל ער זיין! — נאָר ער פאַרלירט קנעפּלעך.**

**הערואָלד** (הייבט אויף דעם קאָפּ. האַלב פאַרחלומט)

**יאָ, סימאָר** (בלעטערט אין די פּאַפּירן) **פאַרשאַפט מיר זאָרג.**

**שרה**

**אַזוי זענען שוין היינטיקע קינדער. נאָר דאָס גיט זאָרג טאַטע־מאַמע.**

**הערואָלד**

**סימאָר ענדיקט הייסקול. מען דאַרף טראַכטן פון אַן אוניווערזיטעט, וואָס ער זאָל שטודירן. און איך קאָן זיך מיט אים ניט צונויפֿרעדן.**

**שרה**

**פון דיר, הערואָלד, האָבן מיר ניט געהאַט קיינע צרות. די איינציקע זאָרג איז געווען די נויט. דער פאָטער, דיר צו לענגערע יאָר, האָט שווער געאַרבעט. אַ פּרעסער אין אַ שניידער־שאַפּ. לאַנגע שטונדן. סטרייקס. זיך געמוטשעט. אָפּגעשפּאָרט דאָס ביסן פון מויל, צו מאַכן פון אונדזער קינד**

אַ מענטש, וואָס זאָל זיך אָנזען. און דאַנקען גאָט. דו האָסט געהאַט אַ גוט קעפּל. געהאַט אין וועמען געראָטן צו זיין — אין דיין זיידן, נאָך וועמען דו הייסט. געווען אַ ייד אַ למדן, דער טאַטע מיינער. אַ קלייניקייט — ר׳ הערש! דאָס גאַנצע שטעטל האָט אים אָפּגעגעבן כבוד... איז וואָס וויל איך זאָגן?... יאָ, דו האָסט געוואָלט לערנען. געפּאָלגט. און היינט, באַרכאַשעם, אַ פּראָ־פעסאָר, לערנסט מיט אַנדערע. פיזיק, סייענס — זאַכן ניט פאַר מיין קאָפּ צו באַנעמען. אָבער וואָס דו טוסט, איז דאָך געוויס נוצלעך. וואָ־דען? ר׳ הערשס אַן אייניקל וועט טאָן וואָס מע דאַרף ניט...

העראָלד (אַ ביסל אומרואיק)

סימאָר איז זייער פעאיק. האָט אַ געניאַלן קאָפּ. באַזונדערס פאַר מאַטע־מאַטיק. דער בעסטער אין זיין קלאַס. נאָר ער האַנדלט ווי אַ בייבי. ווייס ניט וואָס ער וויל. געוואָרפן אַן אומחן אויף פיזיק, מאַטעמאַטיק. וויל ניט הערן וואָס דער פאָטער רעדט צו אים.

שרה

דו ביסט געווען אַ גוט קינד, מיין זון. געהאָרכט וואָס מען רעדט צו דיר. און זע נאָר: אַ קינד פון אַזאַ טאַטן און איז ניט געהאָרכזאַם (זיפצט). עך־עך... היינטיקע קינדער.

העראָלד (שאַרט אַוועק די פּאַפּירן אין אַ זייט)

עס ברעכט מיר אַזש דער קאָפּ. כ׳קאָן זיך קיין עצה ניט געבן. אַזוי איינגעשפּאַרט ווי ער איז — פון וואַנען? ניט דערוואַרט דאָס פון סימאָר. לאָזן פאַרפאַלן גיין אַזעלכע פעאיקייטן! די זאָרג דערשטיקט מיך. און דאָ וואַרט די אַרבעט מיינע... כאָטש לאָז עס איבער אין מיטן... וואָס טוט מען?... (קוקט אין ווייטן חלל, ווי דערוואַרטנדיק פון דאָרט אַן ענטפער)

שרה

איך, מיין זון, קאָן דיר קיין עצה ניט געבן. (קליינע פויזע.) נו, יאָ... אַלע מאָל ביי דיר זיך געבעטן, דו זאָלסט שיקן דיינע קינדער אין חדר, אין היברו־סקול. מאַכן פאַר יידן. האָסטו ניט געוואָלט הערן. „אַרויסגעוואָרפן די צייט", האָסטו געזאָגט. די קינדער האָבן אַ סך סקול־אַרבעט. מ׳טאָר זיי ניט באַשווערן. דיך האָט מען יאָ געשיקט אין היברו. און ס׳האָט דיך ניט פאַרשאַדט. אַ פּראָפעסאָר געוואָרן.

הערשל (אומרואיק)
צו וואָס די רייד, מאַ?

שרה

ס׳רעדט אַ מאַמעס האַרץ... אָבער געפּאָלגט האָסטו. ווען מיר האָבן דיך געבראַכט אַהער, ביסטו פינף יאָר אַלט געווען. שוין געקענט דעם אלף־בית ווי אַ וואַסער. און דאָ געגאַנגען אין חדר. ווייסט וואָס יידישקייט איז. כאָטש היינט אַ ביסל ווייטלעך... אוי־אוי! יום־כפור אין שול איז דיר שווער צו גיין. און דיינע קינדער — וואָס ווייסן זיי! נאָר אַרומלויפן. שפּילן אין באָל. אויף דעם האָט מען צייט. אַזוי איז, מיין זון. אַז מען וויל קינדער זאָלן פאָלגן, דאַרף מען זיי קודם מאַכן פאַר יידן...

הערשל

ניין, מאַ. עס איז ניט ווי דו זאָגסט. סימאָר האָט אַלע מאָל געפּאָלגט. נאָר לעצטנס זיך איינגעשפּאַרט... (שטעלט זיך אויף און גייט אַרויס אין אין ערשטן צימער רעכטס)

בערנאַרד (קומט אַן פון דער דרויסן־טיר, לינקס. ער איז אַרום 65 יאָר אַלט. אַ קליין פראַנצויזיש בערדל. גרוילעך. הויכער שטערן. זייער באַ־שיידן געקליידט)

וואָס הערט זיך ביי אייך, שוועסטער? (קוקט זיך אַרום ווי זוכנדיק עפּעס)

שרה

וואָס זאָל מען הערן? הערשל איז פאַרנומען מיט זיין אַרבעט. ער אַרבעט שווער, מיין קינד. (זיפצט אָפּ) און דאָ עגמת־נפש פון די קינדער. סימאָר פאָלגט ניט. וויל ניט הערן דעם טאַטן. און באַרבאַראַ — אויך צרות. זיך פאַרליבט אין דעם רעפּאָרטערל — חתונה געהאַט. און וואָס איצט? ניט אַוועק נאָך קיין יאָר און מע רייסט זיך שוין אַרום. דער מאַן אירער באַשיט זי מיט בלאָפס, מיט ליגנס. לויפט אַרום. זעלטן אין דער היים. נו, האָט זי אויך גענומען אַרומלויפן. לעצטנס מיט עפּעס אַ פּיאַנאָ־שפּילער. אַ זשעני, זאָגט זי. און דער מאַמען אַרט עס ניט. לויפט אַליין אַרום. ס׳איז ניט גוט, בערל. ניט גוט.

בערנאַרד

שרה, דו פאַרגעסט שטענדיק ווי איך הייס. מיין נאָמען איז בערנאַרד. צייט, זאָלסט עס געדענקען.

שרה

זאָל זיין בערנאַרד. נו, ווערסטו פון דעם רייכער?... יאָ, ווי גייט דיר אויף דיין נייעם דזשאָב?

בערנאַרד

אַ נודנע אַרבעט. אַ קאַסירער אין אַ רעסטאָראַן. אָט דאָס האָב איך פון מיינע אוניווערזיטעטן אין דייטשלאַנד, אין שווייץ. (שפרייזט איבערן צימער מיט אַ געבויגענעם קאָפּ)

שרה

אַז דו האָסט ניט געקלערט פון קיין תכלית. זיך פאַרדרייט מיט דיינע פילאָזאָפן. אָט נעם מיין הערשלן. אַ פּראַקטישער מענטש.

בערנאַרד

נו, יאָ. נוקלעאַר־פיזיק... אַטאָמען... באָמבעס... מיסילס... אין מיין צייט האָט מען נאָך פון אַזעלכע אָנשיקענישן נישט געוווּסט. דעמאָלט האָבן געהערשט די פילאָזאָפן, די דייטשע, פאַרשטייט זיך, מיט זייערע סיסטעמען, מעטאַפיזיק — פאַרדרייט דעם קאָפּ אַ גאַנצע וועלט...

שרה

זאָג, בערנאַרד, טרעפסטו לעצטנס אונדזער קוזען חייקל?

בערנאַרד

לאַנג פון אים ניט געהערט. נאָר איך ווייס, אַז ער איז אויף גרויסע צרות. קאָן זיך צו גאָרניט דערשלאָגן. שוין דריי יאָר אין לאַנד, און איך הער, אַז ער שלאָפט אין די פאַרקן.

שרה

מ׳וואָלט אים געדאַרפט אַרויסהעלפן. אַ רחמנות. געגוג זיך אָנגעליטן דאָרטן אין די מלחמה־יאָרן. און דאָ קיין מזל. (ווישט זיך די אויגן)

פאַטרישאַ (קומט אַרויס פון צווייטן צימער, רעכטס. זי איז אין די פריע

40. אויסגעפּוצט, געשמינקט, פּאַרפיומירט. אַ האַנטבייטל אויפן אָרעם. גרייט אַרויסצוגיין)

**העלאָו, אָנקל בערנאַרד. לאַנג דיך ניט געזען. פאַרנומען מיט פילאָזאָפיע, צי מיט אַרבעט?**

בערנאַרד

**מיט אַרבעט, מיין טייערע פּאַטרישאַ. די בעסטע פילאָזאָפיע, זי מאַכט ווייניקער מיד. מער תכלית.**

פּאַטרישאַ

**זייער גוט** (באַטראַכט העראָלדס שרייבטיש. צו שרהן) **און ווו איז העראָלד?**

שרה

**אין זיין צימער.**

פּאַטרישאַ

**מאַ, זאָג אים, פּליעז, אַז איך פאָר צו אין קלוב. זייער אַ וויכטיקער פּאָליטישער מיטינג. באַי, באַי!** (אָפּ לינקס)

שרה

**און אַליין האָט זי עס אים ניט געקאָנט זאָגן...**

בערנאַרד

**נו, אַ פּאַרפיום...**

(זעצט זיך אויף אַ שטול לעבן שׂ ר ה ן. קוקט אַריין אין אַ צייטונג)

(**קורצע פּויזע**)

העראָלד

(קומט אַרויס פון זיין צימער. ביכער אין די הענט, וואָס ער לייגט זיי אויף זיין שרייבטיש. זעצט זיך. דערזעט ב ע ר נ אַ ר ד ן)

**העלאָו, אָנקל בערנאַרד. אַ גאַסט.**

בערנאַרד

**ווי האַלט עס, פּראָפעסאָר, מיט דיין נייער דערפינדונג?**

העראָלד

**פאָרטשריט צו ביסלעך. ס׳נעמט צייט. אַ נייער געדאַנק אין נוקלעאַרער פיזיק... די לאַבאָראַטאָרישע עקספּערימענטן זיינען צופרידנשטעלנד.**

בערנאַרד

עפּעס אַ נייע באָמבע ?... אַ מיסיל ?... הע ?...

העראַלד (בלעטערט אין די פּאַפּירן)

צו פרי צו ריידן וועגן דעם.

סימאָר

(קומט אַן פון לינקס. אין האַנט אַ רענצל מיט ביכער. גייט שווייגנדיק פאַרביי און לאָזט זיך אַריינגיין אין זיין צימער אין הינטערגרונט)

העראַלד (שטעלט אים אָפּ)

סימאָר, איך דאַרף מיט דיר ריידן.

סימאָר

(בלייבט שטיין. שטעלט אַוועק דעם רענצל אויפן דיל. דערנענטערט זיך צום פאָטער)

וואָס, פּאַ ?

העראַלד

הער אויס, סימאָר. די צייט לויפט. ס׳ווערט שפּעט. מען דאַרף אויס־קלייבן אַן אוניווערזיטעט. אַריינגעבן אַ ביטע פאַר דיין אַריינטריט. וואָס טראַכסטו ?

סימאָר (צעגערנדיק)

איך האָב נאָך נישט באַשלאָסן, פּאַ.

העראַלד

מיט דיינע מאַטעמאַטישע פעאיקייטן, דאַרפסטו אויסקלייבן דעם העכסטן לערן־אַנשטאַלט אין לאַנד אויף דעם געביט. פיזיק, מאַטעמאַטיק, כעמיע — די הויפּט־קעגנשטאַנדן, פאַרשטייט זיך.

סימאָר (אַנטשלאָסן)

איך וויל עס ניט !

העראַלד (קוקט אים שאַרף אָן)

וואָס ווילסטו ניט ?

סימאָר

איך וויל ניט שטודירן פיזיק, כעמיע. מען האָט עס גענוג. שוין צו פיל...

העראַלד

וואָס צו פיל? פיזיקער? כעמיקער? דו רעדסט נאַרישקייטן, סימאַר. מיר דאַרפן זיי וואָס מער. באַזונדערס היינטיקע צייטן...

סימאַר

איך וויל ניט שטודירן צו העלפן פראָדוצירן דיינע באָמבעס און מיסילס! גענוג! מע דאַרף עס אָפּשטעלן! די וועלט האַלט ביים אונטער־גיין...

העראַלד (אין שטייגנדיקער אויפרעגונג)

די וועלט גייט נאָך ניט אונטער, סימאַר. דאָס איז קינדערשע פּלאַ־פּלעריי פון אומוויסנדע מענטשן. דו לאָזסט זיך באַהערשן פון פאַלשער פּראָ־פּאַגאַנדע. דאָס קאָן רואינירן דיין צוקונפט, דיין קאַריערע (ווערט מילדער) מיט פיזיק און כעמיע קאָן מען אויך בויען, טאָן פיל גוטס פאַר דער געזעל־שאַפט. דו ווייסט עס, מיין זון.

סימאַר

מע הייבט אָן מיט בויען און מע ענדיקט מיט צעשטערן... מע ווערט אַריינגעשלעפּט אַזוי ווי דו, פּאַ. איך וויל זיך צו דעם ניט צורירן!

העראַלד

וואָס דען ווילסטו טאָן. גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק?

סימאַר

כ׳ווייס נאָך ניט. (קלערט אַ רגע) מעגלעך אַגריקולטור...

העראַלד

און דיינע גרויסע מאַטעמאַטישע פעאיקייטן ווילסטו לאָזן פאַרלאָרן גיין?! אומזין! (שטעלט זיך אויף. שפּרייזט איבערן צימער)

סימאַר

איך וויל טאָן וואָס נוצלעכעס...

בערנאַרד (צו סימאַרן)

פאָלג מיך, סימאַר, און נעם אָן דיין פאָטערס ראָט. דו שרעקסט זיך, אַז די וועלט וועט אונטערגיין? נו, איז וואָס?... צייט, כ׳לעבן... וואָס גיכער זי וועט אונטערגיין, אַלץ ווייניקער וועט די מענטשהייט ליידן...

סימאָר

אַ, אַנקל!...

(הייבט אויף זיין רענצל און גייט אָפּ אין זיין צימער, וואַרפנדיק אַ דערשראָקענעם בליק אויף בערנאַרדן)

העראָלד (צו בערנאַרדן)

סימאָרס קאָפּ איז גענוג אָנגעשטאָפּט מיט ליגנערישער פּראָפּאַגאַנדע, קומסטו און דערלייגסט אים נאָך דיין פּעסימיזם. ניט רעכט אַזוי, אַנקל בערנאַרד.

שרה (צו העראָלדן)

פּאַטרישאַ האָט געבעטן דיר זאָגן, אַז זי איז געגאַנגען אין קלוב צו אַ פּאָליטישן מיטינג.

העראָלד (פּאַרלאָרן, צעטומלט)

נו, גוט, געגאַנגען... (רייבט זיך דעם שטערן) קאָפּ־ווייטיק. כ׳וועל אַריינגיין זיך צולייגן. (אָפּ אין ערשטן צימער, רעכטס)

שרה

בערל... בערנאַרד. דו זעסט, אַז העראָלד אַרבעט שווער. זאָרג פּעלט אים ניט... פון אַלע זייטן... נעמסטו און שיטסט אים נאָך זאַלץ אויף די ווונדן.

בערנאַרד

נישקשה. אַ ביסעלע זאַלץ אויף די אַטאָמען, די מיסילס קאָן זיין נוצלעך. ער מעג עס פאַרברויכן...

באַרבאַראַ (קומט אַן פון לינקס. זי איז קוים איבער 20. קוקט זיך אַרום)

העלאָו, גרענדמאַ. העלאָו, אַנקל בערנאַרד. איז פּאַ דאָ?

שרה

פּאַ איז אַריין צו זיך אין צימער זיך צולייגן. מיד פון דער אַרבעט, די זאָרגן. יעדער איינער לייגט צו אַ האַנט...

באַרבאַראַ

און מאַ ווו איז?

שרה

געגאַנגען אין איר קלוב.

באַרבאַראַ

איך האָב געוואָלט מיט זיי ריידן.

שרה

אפשר מעג איך עס וויסן?

באַרבאַראַ

קיין סוד. די צייטונגען זיינען פול מיט דעם. מאַרטאַן האָט פאַרקאָכט אַ קאַשע.

שרה

וואָס שוין ווידער?

באַרבאַראַ

זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ פּאָליטישן, אַ קאַנדידאַט צום קאָנגרעס. געשריבן, אַז ער איז פאַרמישט אין אַ גרויסן געלט־שווינדל. נו, האָט דער פּאָליטישן פאַרקלאָגט זיין צייטונג און מאַרטאַנען אין פאַרלוימדונג.

בערנאַרד

אַ פּאָליטישן און שווינדל — די אמתע פּאָר.

באַרבאַראַ

ער מאָנט אויך אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר שאָדנערזאַץ.

בערנאַרד

ניט קיין גרויסע סומע צו פאַרריכטן דעם פאַרלעצטן כבוד פון אַ פּאָליטישן...

באַרבאַראַ

איך גלייב, דאָס קאָן ווערן ערנסט.

שרה

און מאַרטאַן קאָן נאָך פאַרלירן זיין דזשאַב.

באַרבאַראַ

ווען דער פּאָליטישן זאָל געווינען אין געריכט — יאָ.

פּאַטרישאַ (קומט אַן פון לינקס. האַלט אַ צייטונג אין האַנט)

אָ, דו ביסט דאָ, באַרבאַראַ. האָסט שוין געוויס געהערט —

באַרבאַרא

דו מיינסט וועגן מאַרטאַן? — געהערט, געוויס.

פּאַטרישאַ

איך בין געווען אין קלוב. אַ פריינט האָט מיר אַנגעוויזן די נייעס אין דער צייטונג. טעלעפאַנירט צו דיר אין הויז. קיין ענטפער. האָב איך פארלאָזן דעם קלוב. געלאָפן אַהער.

באַרבאַרא

כ׳האָב מאַרטאַנען ניט געזען אַ גאַנצן טאָג. ער ווייס זיכער וואָס ער האָט פאַרקאָכט.

פּאַטרישאַ

אָט די צייטונג שרייבט (עפנט אַ בלעטל) — אַז די אָנקלאָגע איז ערנסט.

בערנאַרד

דערלויב מיר אַ קוק טאָן. (נעמט אַרויס די צייטונג פון פּאַטרישאַס האַנט. לויפט שנעל דורך די נייעס.) עט!... מאַלע וואָס אַ בולוואַר־צייטונג שרייבט! זוכט סענסאַציע (גיט צוריק די צייטונג פּאַטרישאַן)

פּאַטרישאַ

אַלע צייטונגען זענען פול מיט דער סענסאַציע.

(מאַרטאַן און דזשאָו קומען אָן פון לינקס. מאַרטאַן איז אַ יאָר 30. גייט מיטן קאָפּ געבויגן אין אַ זייט. אַ כיטרער שמייכל שוועבט שטענדיק אויף זיין פּנים. ווען ער רעדט ווינקען זיינע אויגן; דזשאָו איז אין די מיטן 30. חוצפּה גלאַנצט אַראָפּ פון זיין רויטן פּנים)

מאַרטאַן (ברייטלעך און האַפערדיק)

העלאָו! וואָס קומט דאָ פאָר? אַ קאָנסיליום?

פּאַטרישאַ

אפשר איז דאָס נייטיק...

באַרבאַרא (צו מאַרטאַנען)

ווייסט שוין געוויס...

מאַרטאַן (מאַכט אַ פריילעכן אָנשטעל).

דו מיינסט דעם פּאָליטישן, וואָס האָט מיך אָנגעקלאָגט פאַר פאַר־

לוימדונג? ווייס איך וואָס! ס׳איז גאָרניט ווערט. געזען נאָר וואָס מייז אַדוואָקאַט. ער לאַכט זיך אויס.

באַרבאַראַ

אַז מען לויפט צום אַדוואָקאַט —

מאַרטאַן (שלאָגט איר איבער)

נו, מ׳דאַרף זיין גרייט. וויסן ווו מ׳האַלט...

באַרבאַראַ

ווייסטו שוין ווו דו האַלטסט?

מאַרטאַן

געוויס ווייס איך. ס׳איז גאָרניט ווערט. (שפּרייזט איבערן צימער)

פּאַטרישאַ (צו מאַרטאַנען)

וואָס זאָגט מען אין דיין רעדאַקציע?

מאַרטאַן (שטעלט זיך אָפּ)

אין רעדאַקציע... המ... דאָרטן איז מען שוין געוווינט צו אַזעלכע אָנקלאַגעס. אַ טעגלעכע דערשיינונג. געזוג שלעק זוכן פּאָבליסיטי, סענ־סאַציעס. אַ פּאָליטישן וועט פאַר דעם אַוועקגעבן דעם לעצטן ציגאַר... כ׳האָב גערעדט מיטן אַרויסגעבער. זאָגט ער צו מיר: מאַרטאַן, נעם זיך ניט צום האַרצן וואָס פּאָליטישענס זוכן. דיין אַרטיקל וועגן אים איז געווען ברילִיאַנט. ווען ניט, וואָלטן מיר עס ניט געדרוקט. דו וועסט נאָך ביי מיר פאַר דעם קריגן אַ באָנוס... אַ הויכע באַלוינונג... איך וועל דיך נאָך מאַכן פאַרן נייעס־רעדאַקטאָר... מיט דער צייט... — דזשאָו איז דערביי געווען. זאָל דזשאָו זאָגן...

דזשאָו (נאָך אַ לייכטער פאַרלעגנהייט, געפינט זיך שנעל)

איך מיין אויך אַזוי... נו, געוויס, דער באָס קען די פּאָליטישענס ניט ווייניקער פון מיר. ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.

מאַרטאַן (גיט דזשאָוּן אַ קלאַפּ איבער דער פּלייצע)

געוויס קענסטו די פּאָליטישענס. דו מאַכסט דאָך פון זיי אַ לעבן. שרייבסט פאַר זיי פּאָבליסיטי. אַ מאָל פאַר איין פּאַרטיי, אַ מאָל פאַר דער צווייטער... ס׳איז איין געזינדל. זיי נעמען צו ביים פּאָלק די לעצטע פּעני.

גיב זיי נאָך מיליאָנען פאַר באַליידיקונג. כע־כע־כע! (לאַכט מיט אַ געשטיקטן געלעכטער)

בערנאַרד

עפּעס רעדסטו מיר היינט צו ראַדיקאַל, מאַרטאַן.

מאַרטאַן

אַז מ׳זאָגט דעם אמת, איז מען באַלד אַ ראַדיקאַל אין אַמעריקע (צו דזשאָו) וואָס זאָגסטו, דזשאָו? בין איך גערעכט?

דזשאָו

איך מיין אויך אַזוי... מ׳דאַרף זיך ניט שעמען צו זאָגן דעם אמת. די צייטונגען פאַרפּלייצן דאָס לאַנד מיט ליגנס. ווען ניט מיר, אָט אַזוי ווי איך און מאַרטאַן, וואָלט קיין מאָל דער אמת ניט אַרויסגעקומען... יעס, ס׳איז אַנדערע צייטן. ניט מער מעקאַרטיס. עס בלאָזן נייע ווינטן...

בערנאַרד

וווהין בלאָזן זיי, מעג איך פרעגן?

דזשאָו

ניט וויכטיק וווהין זיי בלאָזן, אַבי זיי בלאָזן... מ׳שטייט ניט אויף אַן אָרט. מ׳גייט פאָרויס. דאָס איז די הויפּטזאַך (צעהיצט זיך, דעקלאַמירט). פּראָגרעס! לעבן זאָל פּראָגרעס! אַזוי גייט די וועלט. און מיר פאָרויס. שטיין אויף אַן אָרט איז סטאַגנאַציע, פאַרגליווערונג. פע!... דאָס קאָן פירן צו אַ קאַטאַסטראָפע. פאַר אונדז און פאַר אַלעמען. ווען ניט מיר, די פּאָבליסיטי־מענטשן, און אויך די מאַרטאַנס, וואָלט דער וואָגן פון פּראָגרעס זיך ניט גערירט פון אָרט... מיר שטופּן אים אונטער. די רעאַקציע שלעפּט אים צוריק. זי האָט כוחות געגנוג. און געלט אויך. נאָר ס׳וועט איר ניט העלפן. מיר, די פּראָגרעסיווע שרייבער, שטייען אויף דער וואַך (קוקט זיך אַרום ווי דערוואַרטנדיק אַן אָפּלויז)

מאַרטאַן (קלאַפּט דזשאָון איבער דער פּלייצע)

בראַוואָ, דזשאָו! דו ביסט אַן אמתער אָראַטאָר. דו וועסט נאָך אַ מאָל אַליין אויסגעוויילט ווערן אין קאָנגרעס, אין סענאַט. אַזעלכע מענטשן ווי דו דאַרפן מיר דאָרטן האָבן. וועט מען הערן אַן אמת וואָרט. דו וועסט

**העלפן פירן דאָס לאַנד פאָרויס, צו פּראָגרעס...** (דערזעט הערראָלדן איינטרעטן און ווערט אַנטשוויגן)

**הערראָלד** (באַווייזט זיך אין טיר פון זיין צימער, מיט פאַרשלאָפענע אויגן).

**פון וואַנען דער טומל? מיך אויפגעוועקט פון שלאָף. מ׳קריגט זיך דאָ?..**

**באַרבאַראַ**

**מ׳קריגט זיך ניט, פּאַ, מ׳רעדט וועגן אַן ערנסטער זאַך.**

**הערראָלד** (גייט צו זיין שרייבטיש, באַטאַפּט די פּאַפּירן, קוקט זיך אַרום)

**איך זע דאָ אַלעמען פאַרזאַמלט. איז עס אַ פאַמיליע־באַראַטונג?**

**פּאַטרישאַ**

**דאָס וואָלט אפשר נייטיק געווען, מאָרטאָן האָט** (טרעט צו נענטער, דערלאַנגט הערראָלדן אַ צייטונג) **— לעז אָט די נייעס!**

**הערראָלד** (לייענט האַלב פאַר זיך, מען הערט אָפּגעריסענע ווערטער)

**„אָ־אָ! אַ פאַרלוימדונג... אין געריכט... מאָרטאָן... אַ האַלבער מיליאָן דאָלאַר...“** (זיין קול ווערט העכער, דאָס פּנים דריקט אויס דערשטוינונג) **— „דער באַשולדיקטער רעפּאָרטער, מאָרטאָן פולשיין, איז דער איידעם פון פּראָפעסאָר הערראָלד שפּיצבערג, דעם באַוווּסטן פאָרשער פון נוקלעאַר־פיזיק** (הייבט אויף דעם קאָפּ צו פּאַטרישאַ) **— וואָס זאָגסטו צו דעם, פּאַטרישאַ?**

**פּאַטרישאַ**

**כ׳מיין ס׳איז ערנסט. עס שטייט אין קאָן מאָרטאָנס קאַריערע. באַר־באַראַ וועט ליידן...**

**הערראָלד**

**און מיין קאַריערע?**

**פּאַטרישאַ**

**דיר וועט גאָרנישט שאַטן. דיינע אַטאָם־באָמבעס וועלן פון דעם ניט אויפרייסן...**

**הערראָלד**

**און דאָס האַרץ?...**

פּאַטרישאַ

דו טראַכסט צו פיל פון דיין האַרץ...

העראַלד

פון וואָס טראַכסטו?...

פּאַטרישאַ

איך טראַכט... איך האָב אויך אַ האַרץ... נאָר דו האָסט קיין מאָל ניט קיין צייט עס צו באַמערקן... (קערט זיך אום מיטן רוקן צו העראַלדן)

העראַלד

אַלטע רייד... זאָג עפּעס נייעס, פּאַטרישאַ!...

פּאַטרישאַ (אַ קער דעם קאָפּ צו העראַלדן)

ווען די צייט וועט קומען —

סימאָר

(קומט אָן פון זיין צימער אין הינטערגרונט. בלייבט שטיין ביי דער טיר)

איך האָב נאָר וואָס געהערט דורך ראַדיאָ, אַז מאַרטאָן — (דערזעט אַלעמענס בליקן אויף זיך, ווערט אַנטשוויגן כמעט אין פּחד)

מאַרטאָן (צו העראַלדן)

ניט קיין געפאַר, פּאַ. מיין אַדוואָקאַט לאַכט זיך אויס. ער זאָגט —

העראַלד (שלאָגט אים איבער)

קיין געפאַר — געוויס, פאַר דיר, מאַרטאָן. דו מיט דיין אַדוואָקאַט מעגן לאַכן. איר לעבט פון סקאַנדאַלן, סענסאַציעס, קריגערייען. אייערע נעמען וועלן קלינגען איבער אַלע ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־סטאַציעס. איר וועט שווימען אין אַ ים פון פּאָבליסיטי. אָבער וואָס האָב איך מיט דעם צו טאָן? צו וואָס האָט מען אַריינגעשלעפּט פּראָפעסאָר שפּיצבערג, דעם נוקלעאַר־פאָרשער? (קלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש) איך וויל ניט האָבן מיין נאָמען ביי דער זייט פון דיינע פאַרלוימדונגען! דו הערסט, מאַרטאָן?!

מאַרטאָן (ציטערט אויף)

אָבער, פּאַ...

דזשאָו

דער פּאָליטישן זוכט פּאָבליסיטי...

### טירן האַבן אַן אויסגאַנג

שרה

באַרואיק זיך, העראַלד. דיין געזונט —

בערנאַרד

מאַלע וואָס אַ מאַרק־בלעטל שרייבט!

העראַלד

אַ שיינער איידעם... נאָך דאָס האָט מיר געפעלט!...

(לאָזט זיך אַראָפּ אויפן שטול. פאַרגראָבט דעם קאָפּ אין די הענט)

פאָרהאַנג

# צווייטער אַקט

**מיט צוויי טעג שפּעטער.**
**אין הינטערגרונט אַ קליין פּאַרקל. אַ צוים. אַ זייטיקער אָפענער אַריינגאַנג צו אים. אין פראַנט אַ טראָטואַר פון אַ גאַס. אַ דורכגאַנג רעכטס און לינקס. צווישן טראָטואַר און פּאַרק אַ באַנק האַרט לעבן צוים. אַ מענטש, אָרעם געקליידט, זיצט און דרעמלט. דער קאָפּ הענגט טיף אַראָפּ אויף דער ברוסט. אַן אַלטער קאַפּעליוש פאַרדעקט דאָס פּנים ביז דער נאָז — חייקל.**

**בערנאַרד**

(קומט אַן פון רעכטס. אַ צייטונג אונטערן אָרעם. שטעלט זיך אָפּ, ווי וועלנדיק נעמען פּלאַץ אויף דער באַנק. ווערט פלוצלינג פּאַראינטערעסירט אין דער פּערזאָן, וואָס דרעמלט. בייגט זיך איין, זוכנדיק צו דערזען מער פון פּנים אונטערן קאַפּעליוש. רופט אויס)

**חייקל!**

חייקל

(גיט אַ טרייסל מיטן קערפּער. הייבט אויף דעם קאָפּ. פּינטלט מיט די אויגן ווי ניט גלייבנדיק וואָס ער זעט)

**אָ, דו, בערל...** (אַ ביסל פאַרשעמט) **זיך צוגעזעצט אַ רגע... געכאַפּט אַ דרעמל...** (גיט אַ ציטער מיטן קערפּער) **או!... אַ קאַלטער טאָג!**

**בערנאַרד**

**און די נאַכט?**

**חייקל**

**די נעכט — ווי אַ מאָל. אַ קאַלט, אַ הייס. מ׳געוויינט זיך צו.**

**בערנאַרד** (זעצט זיך צו)

**וואָס הערט זיך ביי דיר, חייקל? וואָס טוסטו?**

חייקל

וואָס זאָל מען הערן, וואָס זאָל מען טאָן ?... אַלץ דאָס אייגענע. אַ שווער לעבן. נאָר כ׳בין שוין געוווינט צו די צרות. אין צייט פון קריג פאַרוואָרפן געוואָרן אין סיביר. ניט געלעקט דאָרט קיין האָניק...

בערנאַרד

האָסטו זיך צו עפּעס דערשלאָגן ? אַרבעטסטו, חייקל ?

חייקל

צוריקגעקומען קיין פּוילן און געפונען אַ חורבן. מיין שטעטל וויסט, חרוב. מיין פרוי און אונדזערע צוויי קינדערלעך אומגעקומען אין קאַלך־אויוון. (ווישט זיך די אויגן מיטן אַרבל) אוי, מיינע טייערע עופהלעך !.. ווי איך וויל זיי זען !.. און זי, מיין מלכה, אַ טייערע נשמה געווען. אַלץ פאַרצוקט. אַוועק מיטן רויך. כ׳שלאָף ניט קיין נעכט, בערל... כ׳מאַך ניט צו קיין אויג. אַ מידער, איינגעדרעמלט דאָ אויף דער באַנק...

בערנאַרד

דיר איז ניט גוט, חייקל. איך זע, איך פאַרשטיי.

חייקל

ווי קאָן זיין גוט, אַז אַ וועלט איז חרוב געוואָרן, אַוועק מיטן פייער. פּוילן האָט מיר אויסגעזען ווי אַ צעאַקערט בית־עולם. סקעלעטן־ביינער אויף דער גאַס... דאָס אַלץ וואָס מיינע אויגן האָבן געזען... אַפילו ווען די גאַסן זיינען שוין געווען אָפּגערייניקט... בילדער שווינדלען פאַר די אויגן... איין מאָל האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך ווער געיאָגט... געהערט טריט... קולות... די יעגער — אַ געמיש פון לעבעדיקע געשטאַלטן און סקעלעטן... מענטשלעכע גופים — מיט שאַרבנס פון מתים. די סקעלעטן — מיט קעפּ פון לעבעדיקע... כ׳האָב מורא געהאַט זיך אומצוקוקן... אָבער איך האָב זיי געזען מיט מיינע אויגן... כ׳בין געלאָפן... און אפשר איז דאָס געווען מיין גאַנג... כ׳בין געבליבן אָן אָטעם. זיך אָפּגעשטעלט. און זע, דאָס געיעג האָט אויפגעהערט... געזען ווי די יעגער ווערן פאַרשווונדן הינטער די חורבות פון שטיינער... אין אַש... כ׳האָב זיך אַרומגעקוקט — כ׳שטיי אויף אַ ראָג... אַרום וויסט... אַזוי וויסט, ווי אַרויסגעהאַקט פון אַ מדבר...

ל. קוסמאַן

בערנאַרד

דו זעסט חלומות, חייקל. צי נישט אַ מאָל אין דרעמל דאָ אויף דער באַנק...

חייקל

וואָס אַנדערש קאָן איך זען?... (גיט זיך אַ טשוכטע אויס) האַ?... אין דרעמל?... אפשר... (ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון שטערן מיטן אַרבל) אַזוי זיך אַרומגעדרייט אַ יאָר... אַ ביסל מער... האָב ניט געקאָנט צו עפּעס זיך דערשלאָגן. און אפשר טאַקע אַליין ניט געוואָלט... געהערט אָן אויפהער אַ קול אין מיר רופן: — אַנטלויף, חייקל! אַנטלויף ווו דיינע אויגן טראָגן! צו וואָס אַרומבלאָנדזשען אויף דעם בית־עולם פון דיינע ליבע נשמות?!.. זייערע קברים פאַרבאָרגן פאַר דיר... זאָגסט קדיש אויף אַ וויסטן פעלד... און אפשר טרעטסטו אויף זייער אַש... (גיט זיך אַ טרייסל, בררר!) מיר איז קאַלט, בערל!..

בערנאַרד (לייגט אַרויף זיין האַנט אויף חייקלס שולטער)

נו, חייקל, קום צו זיך. דו קאָנסט ניט צוריקברענגען צום לעבן וואָס אַ רוצחישע האַנט האָט אַוועקגערויבט. כל זמן מ'גייט אַרום אויף דער ערד, דאַרף מען טראַכטן פון לעבן.

חייקל

איך טראַכט... נאָר וואָס העלפט דאָס טראַכטן?... כ'בין אַוועק פון פוילן, אַרומגעוואַלגערט זיך אַ יאָר אין פּאַריז. געקלערט צו פאָרן קיין ישראל. אָן אַלטער באַקאַנטער האָט מיר געשריבן פון דאָרט איך זאָל קומען. ער וועט מיר העלפן זיך איינאָרדענען. קריג איך אַ בריוו פון דיר און פון שרהן, איך זאָל קומען אין אַמעריקע. איר וועט שוין זען, איך זאָל נישט פאַרלאָרן גיין. נו, בין איך געקומען... שוין דריי יאָר — און וואָס?... ניט גוט, בערל, ניט גוט.

בערנאַרד

זאָרג ניט, חייקל. ס'וועט ווערן בעסער. איך וועל איבעררעדן מיט שרהן... אַז מ'זעט דיך ניט אַזאַ לאַנגע צייט!

חייקל

מיט וואָס זאָל איך זיך באַווייזן?... שווער מיר צו קומען צו אייך... דו,

**בערל, ביסט אַליין ניט קיין גביר. און שרה — ביים זון אויף קעסט. צי גאָר ביי דער שנור... וואָס מעג איך דערוואַרטן פון אייך?...**

בערנאַרד

**מ׳וועט געפינען אַן עצה. נאָר קודם, חייקל, זיי ניט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. מער מוט! מער ענערגיע! אונטערנעמונג! — און דו וועסט נאָך אַ מיליאָנער.**

חייקל

**אויף צו ווערן אַ מיליאָנער בין איך צו אַלט. און געוויס אויך צו ערלעך.**

בערנאַרד

**ביסט נאָך ניט אַזוי אַלט, חייקל. נאָך אונטער זעכציק. און וואָס שייך דיין זיין צו ערלעך — נו, יאָ. אין אַמעריקע דאַרף מען קאָנען אַ ביסל צובלאָפן...**

פאַרבייגייער

(קומט אַן פון רעכטס. הערט די לעצטע ווערטער. שטעלט זיך אָפּ. פאַרבייגט די ערשטע צוויי פינגער פון דער רעכטער האַנט אין אַ רעדל, און אַ מאַך מיט דעם אין פנים פון די צוויי אויף דער באַנק)

**אַ סך!..** (גייט אָפּ ווייטער, לינקס)

בערנאַרד (צו חייקלען)

**האָסט געהערט?..**

חייקל

**געהערט.**

שרה (קומט אַן פון לינקס. אַ קוישל מיט שפּייז אויף איר אָרעם)

**זע נאָר, וועמען איך זע! חייקל, ווו ביסטו געווען די גאַנצע צייט? מ׳זעט דיך ניט** (זעצט זיך אויף דער באַנק). **שווער צו שלעפּן די פיס אויף דער עלטער... עד־עד... אַרויסגעגאַנגען איינקויפן עפּעס אין קלייטל. ווען ניט איך, גייט מען אויס פון הונגער אין שטוב. די באַלעבאָסטע, די שנור מיינע — וואָס גייט איר אָן די ווירטשאַפט! נאָר דאָס לויפט אַרום... אויב ניט אין איר קלוב איז מואוויס, צי גאָר צו דעפּאַרטמענט סטאָרס. יעדן טאָג קומט זי אַהיים מיט אַ פּעקל קליידער, שמאַטקעס. אויף מאָרגן טראָגט**

זי דאָס צוריק. ניט אַלץ, פאַרשטייט זיך. לאָזט נאָך וואָס איבער פאַר מיין העראָלד צו שרייבן טשעקס. איך זאָג אייך: די דעפּאַרטמענט סטאָרס צעבאַ־לעווען די פּרויען אין אַמעריקע. און דער מאַן מוז שווער אַרבעטן...

בערנאַרד (שלאָגט איר איבער)

שרה, אונדזער קוזען איז נאָך אַלץ אַ גרינער...

חייקל

ניט מער אַזוי גרין... שוין מער שוואַרץ...

שרה

פון צרות... נו, וואָ־דען?... דו זעסט טאַקע אויס איינגעצערט, חייקל. און פאַרשלאָפן...

חייקל

עס שלאָפט זיך נישט, שרה...

שרה

און פּרנסה האָסטו?

חייקל

ווען איך האָב פּרנסה — (זיפצט אָפּ)

בערנאַרד

חייקל גייט אַרום אָן אַרבעט. מ׳דאַרף זען וואָס צו טאָן פאַר אים.

שרה (צו חייקלען)

וואָס קאָנען מיר טאָן פאַר דיר? זאָג, חייקל.

חייקל

כ׳ווייס... אַ מאָל טראַכט איך: אפשר ווערן אַ פּעדלער. אַרומטראָגן פאַר־קויפן שנירלעך, טיכלעך, שפּילקעס, זייף... נאָר מ׳דאַרף האָבן עטלעכע דאָלער עס איינצוקויפן... טאָמער האָב איך געהאַט אַ פּאָר דאָלער אָפּגע־שפּאָרט פון זיין אַ וועכטער ביי נאַכט, האָב איך עס, באָרכאָשעם, אויפגעגעסן... דריי חדשים אָן אַרבעט. שולדיק דירה־געלט פאַר מיין חדרל... קאָן אַהיים ניט קומען...

שרה (שטעלט זיך אויף).

קום אַרויף צו אונדז, חייקל. האָסט נאָך געוויס ניט געהאַט היינט קיין

**ביסן אין מויל... זעסט אויס אָפּגעשוואַכט. קום! וועסט עפּעס צובייסן. און מיר וועלן באַטראַכטן וואָס מיר קאָנען טאָן פאַר דיר.**

(שרה, בערנאַרד, חייקל — אָפּ רעכטס. קורצע פויזע. באַר־באַראַ, באַסיני קומען אַן פון לינקס. באַסיני איז אין עלטער פון 30. אָן אַ הוט. אַ קאָפּ געדיכטע, שוואַרצע האָר. זיי האַלטן זיך ביי די הענט. זעען אויס מונטער)

**באַסיני**

**אָט איז אַ באַנק. לאָמיר זיך צוזעצן, באַרבאַראַ.**

**באַרבאַראַ**

**אויב דו ווילסט** — (זיי זעצן זיך)

**באַסיני**

**ווייסטו שוין, אַז אין אַ וואָך אַרום גיב איך אַ קאָנצערט אין סענט פּיטערס האָל. איך מוז זיין גוט צוגעגרייט. פיל אַרבעטן, פּראַקטיצירן... די מוזיק־קריטיקער דאָ זיינען האַרטע מענטשן, ווייסן נאָר צו געפינען חסרונות. אויף די מעלות פון אַ ווירטואָז פאַרשטייען זיי זיך גאַנץ ווייניק. נו, געוויס, אַז יעדער פּאָליציי־רעפּאָרטער ווערט אַ מבין אויף מוזיק... שרייבט קריטיק, בייסט, שטעכט — גיי זאָג אים אַ דעה!**

**באַרבאַראַ**

**דו ביסט נערוועז, פּיטער?**

**באַסיני**

**ניט נערוועז. אָנגעשטרענגט אַ ביסל... אַ קאָנצערט אין אַזאַ זאַל איז ניט קיין קינדער־שפּיל. איך פיל די פאַראַנטוואָרטלעכקייט** (פאַרטראַכט זיך אַ רגע) **יאָ, באַרבאַראַ... איך וויל דיך בעטן, באַזוך מיך ניט אין מיין סטודיע די גאַנצע וואָך. איך טאָר ניט ווערן געשטערט... פיל אַרבעט...**

**באַרבאַראַ** (ברוגזלעך)

**אַז דו ווילסט —**

**באַסיני**

**ס'איז מיר שווער דיך ניט צו זען אַ גאַנצע וואָך... אָבער די צייט איז מיר טייער. דו פאַרשטייסט מיך, באַרבאַראַ. איך האָף...** (שטעלט זיך אויף) **וועל איך שוין גיין...** (בלייבט שטיין. פאַרטראַכט זיך) **יאָ, שיר ניט פאַרגעסן...**

(נעמט אַרויס פון קעשענע צוויי בילעטן און דערלאַנגט באַרבאַרען) **דאָ האָסטו צוויי בילעטן אויף מיין קאָנצערט. צווייטע ריי. אפשר וועט דיין מאַרטאַן מיטקומען...**

**באַרבאַראַ** (נעמט די בילעטן, אין קענטיקער אַנטוישונג)

**נו, וועל איך דיך ניט באַזוכן... אַז דו ביסט אַזוי שטרענג... יאָ, דער קאָנצערט... כ׳פאַרשטיי... כ׳וועל דאָרט זיין, געוויס... און מאַרטאַן — ווער ווייס אים!...** (שטעלט זיך אויף. באַסיני וויל איר קושן, זי שטויסט אים לייכט צוריק) **ניין, פּיטער... מענטשן אַרום... מען זעט...**

באַסיני (קוקט זיך אַרום)

**ביסט גערעכט, באַרבאַראַ... איך וועל דיך זען אויף מיין קאָנצערט. דיין אַנוועזנהייט וועט מיר געבן אינספּיראַציע... באַי־באַי!** (גייט אָפּ לינקס)

(באַרבאַראַ בלייבט שטיין אַ רגע פאַרטראַכט, גייט אָפּ מיט גע־מאָסטענע טריט רעכטס)

(קורצע פּויזע)

(מאַרטאַן און דזשאָו קומען אַן פון לינקס, אין געשפּרעך)

מאַרטאַן

**גלייבסטו טאַקע אויף אַן אמת, אַז דער פּאָליטישן מיינט עס ניט ערנסט?**

דזשאָו

**אַזוי זיכער, ווי מיין נאָמען איז דזשאָו...** (דערזעט די באַנק) **לאָמיר זיך צוזעצן, מאַרטאַן. מיד פון אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן** (זיי זעצן זיך אויף דער באַנק). **דער פּאָליטישן וועט אין געריכט ניט גיין. קאָנסט נעמען מיין וואָרט פאַר דעם...**

מאַרטאַן

**דיין וואָרט נעם איך... נאָר אויב יאָ —**

דזשאָו

**אויסגעשלאָסן** (פאַרטראַכט זיך) **אויב יאָ... וועל איך אים „פּיקסן"... איך וועל באַאַרבעטן זיין קעגן־קאַנדידאַט, אַז ער זאָל אָנפירן זיין קאַמפּעין אַזוי, אַז דעם פּאָליטישן זאָל פאַרגיין דער אַפּעטיט צו זוכן אין געריכט**

סאַטיספּאַקציע פון אַזאַ אָנגעזעענעם רעפּאָרטער ווי דו, מאַרטאָן... און טאַקע פון דיין צייטונג אויך... דו קאָנסט זיך אויף מיר פאַרלאָזן...

מאַרטאָן (מיט באַהאַלטענעם שמייכל)

פאַרלאָזן — נו, יאָ... נאָר ווי וועסטו עס מאַכן, דזשאָ? איך בין נייגעריק צו הערן.

**דזשאָ**

ווי? — מעגסט וויסן, אַז ניט נאָר שרייב איך פאַר מיין קאַנדידאַט פּאָבליסיטי אין די צייטונגען, נאָר איך שרייב אויך זיינע קאַמפּעין־רעדעס.

מאַרטאָן (אויפגעמונטערט)

איך הייב אָן פאַרשטיין —

דזשאָ

איך וועל שוין וויסן וואָס אין די רעדעס אַריינצושרייבן...

מאַרטאָן (קלאַפּט דזשאָען אין פּלייצע)

איך זע, אַז מ׳קאָן אויף דיר זיך טאַקע פאַרלאָזן...

דזשאָ (ענטוזיאַסטיש)

און נאָך ווי! —

מאַרטאָן (גיט זיך אַ קלאַפּ אין שטערן)

דו ווייסט, דזשאָ? מיר איז אין דעם מאָמענט איינגעפאַלן אַ געניאַלער געדאַנק. הער אויס: מירביידע עפענען אַ פּאָבליסיטי־ביוראָ אין סאַמע צענטער פון דעם פּאָבליסיטי־יאַריד, אויף דער „בלאָפער־עוועניו" — ווי מען רופט זי — פאַרשטייט זיך, אַז מיין נאָמען קאָן אָפן ניט פיגורירן.

דזשאָ

ניט קיין שלעכטער געדאַנק... מיט די בלאָפערס דאָרטן קאָנען מיר ביידע זיך פאַרגלייכן — ווי מיינסטו? הע?...

מאַרטאָן

דו ביסט צו באַשיידן, דזשאָ. איך גלייב, אַז נאָך אַריבערשטייגן... (שמייכלט צופרידן)

דזשאָ

געוויס. צו בלאָפן איז ניטאָ קיין גרענעץ. באַזונדערס אין פּאָליטיק.

מאַרטאַן

אַלץ איז פּאָליטיק ביי אונדז — ליטעראַטור, קונסט, מוזיק. אָן בלאָף, אָן פּאָבליסיטי, ווערט מען ניט גרויס, באַרימט. קריגט מען ניט קיין פּרייזן...

דזשאָ

דאַרפסט עס מיר ניט דערציילן... פון וואַנען מאַכן מיר, פּאָבליסיטי־אַגענטן, אַ לעבן ? —

מאַרטאַן

אָט, למשל, נעם דעם דיכטער קורט פלעסקער. געווען אַ רעפּאָרטער, ווי איך. וואָס רייד איך ?... ער קומט דאָך ניט צו מיינע קנעכלעך. כ׳דאַרף עס דיר ניט זאָגן...

דזשאָ (שמייכלט)

געוויס ניט —

מאַרטאַן

נו, האָט אָט דער רעפּאָרטער פּלוצעם גענומען שרייבן פּאָעזיע. קיינער פאַרשטייט ניט אַ וואָרט. נאָר געלויבט האָט מען אים. שוין דאָ ווער עס זאָל זאָרגן פאַר אים. ווייסט דאָך... מ׳האָט פאַר זיין פּאָעזיע געפונען אַ וואָרט: היפּערמאָדערן! האָט דער לעזער געהאַט אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן און געמעגט ניט פאַרשטיין...

דזשאָ

אַ געוויינלעכע דערשיינונג — וואָס ווייניקער מ׳פאַרשטייט דיך, אַלץ מער רעספּעקט האָט מען פאַר דיר...

מאַרטאַן

און אַז באַרימטקייט איז אַלץ ניט געקומען, האָט דער עקס־רעפּאָרטער זיך גענומען צו קריטיק. אַראָפּגעריסן די גדולים און געלויבט ליליפּוטן. דאָס האָט אויסגענומען. ספּעציעל ביי די לעצטע... און מיט אַ מאָל ווערט ער אויך אַ דראַמאַטורג! שרייבט פּיעסן, פול מיט שונד און מיסטיק. געוואָרן סוקצעסן אויף בראָדוויי און אין האָליוווד. מאַכט מיליאָנען. היינט קלינגט מיט אים אַמעריקע, אויב ניט די גאַנצע וועלט.

דזשאָ

דו, מאַרטאַן — פאַר וואָס זאָלסטו אויך ניט טאָן דאָס אייגענע וואָס קורט

פלעסקער? אַ רעפּאָרטער ביסטו אַ בעסערער ווי ער איז געווען. שרייבן ניט־פאַרשטענדלעכע לידער דאַרף ניט זיין שווער. אַראָפּרייסן אַנדערע איז אויך ניט קיין גרויסע קונסט. און דער וועג צו בראָדוויי איז איינער — פּאָבליסיטי! נו, אין דעם קאָן איך דיר אַרויסהעלפן... אַלע וועגן דאָרטן זיינען פאַר מיר אָפן... און אַלע טירן...

מאָרטאָן

איין פּונקט כאַפּסטו ניט, דזשאָ. די גוטע רעפּאָרטערס בלייבן ס׳רוב ביי זייער אַרבעט. דאָס זענען די שלעכטע, וואָס גייען געוויינלעך אַריבער צו ליטעראַטור, צו דראַמע, אָדער גאָר צו פּאָליטיק, און ווערן גרויס, פּאָפּולער, פאַרערט, פאַרטרונקען אין כבוד און באַנקעטן.

דזשאָ

דאָס איז מיר באַקאַנט.

מאָרטאָן

אָפט טראַכט איך: פאַר וואָס לאָזן זיך מענטשן אַזוי בלאָפן? עס באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז זיי האָבן פון דעם גרויס הנאה, ציען אַרויס אַ געוויסע באַפרידיקונג פון ווערן גענאַרט.

דזשאָ

דו ביסט גערעכט, מאָרטאָן. דאָס לאָזט זיך דערקלערן מיט דער פּ ס י־ כ אָ ל אָ ג י ע פ ו ן ב ל אָ ף. יאָ, ס׳איז דאָ אַזאַ דערשיינונג, וואָס מיר, פּאָבליסיטי־לייט, האָבן זי אַנטדעקט, געפּאַרשט און פאַרפּולקאָמט ביז צו אַ וויסנשאַפט. דאָס איז אונדזער ביבל. אָן דעם וואָלטן מיר ניט געווען וואָס מיר זיינען.

מאָרטאָן

כ׳בין נייגעריק צו הערן וואָס דאָס איז פאַר אַ וויסנשאַפט.

דזשאָ

די פּסיכאָלאָגיע פון בלאָף לערנט אונדז, אַז דער מענטש האָט בטבע ליב צו בלאָפן. אַזוי פון געבורט. ווער מער, ווער ווייניקער. פאַראַן גע־ציילטע אויסנאַמען. דאָס זיינען די ווייניקע, יחידים — די „למד־וואָווני־קעס״, ווי אונדזערע זיידעס פלעגן זאָגן, — וואָס זוכן בלויז דעם אמת, קאָנען ניט פאַרטראָגן קיין שקר, פּראָטעסטירן אויף טריט און שריט קעגן

פאָלשקייטן, אָפּנאַרעריי, מיט איין וואָרט: שונאים פון בלאָף. אָבער, גלייב מיר, אָט די מענטשן, די „למד־וואָווניקעס״, איז ניטאָ וואָס מקנא צו זיין. זיי ווערן ס׳רוב פאַרשריען פאַר בטלנים, נאַראָנים, משוגעים. יאָ, יאָ. אַזוי איז עס. און טאָמער געלינגט שוין אַ מאָל איינעם, אַן אמת־זוכער, אָנצוווייזן מיטן פינגער אויף אַ דורכגעטריבענעם שווינדלער, אַן אָפּנאַרער, וועלכער זיצט זיך בכבודיק אויף אַן אָנגעזעצנעם אַמט, שפּילט אַ ראָלע אין דער געזעלשאַפט, און אים, דעם אמת־זוכער, געלינגט צו ברענגען אָט דעם פאַרשוין פאַר דער שטול פון גערעכטיקייט, — איז וואָס מיינסטו פאַסירט? דער אמת־זוכער ווערט ניט קיין העלד ביים פאָלק, ווערט ניט באַשאָטן מיט לאָרבער־קרענץ. מיר זעען מיינסטנס ווי מענטשן נעמען קוקן אויף אים קרום, מיידן אים אויס, ווי אַ געפאַר. ער ווערט איזאָלירט, פאַרשטויסן.

מאַרטאַן

ביסט גערעכט, דזשאָו. איך זע עס אָפּט. און אַ מאָל לייג איך אַליין צו אַ האַנט...

דזשאָו

דו קענסט ניט אַנדערש. דו מוזסט אַזוי האַנדלען. עס איז אין דיינע אינטערעסן זיך צו באַשיצן... (קליינע פּויזע) אָבער ווען ס׳קומט איינער, אַליין אַ צווייפלהאַפטע געשטאַלט, און טראַכט אויס אַ בלבול אויף אַן אומשולדיקן, אָדער נעמט איבער אַ פאַרטיקן בלבול פון אַנדערע, און ער פירט עס דורך ביז צו אַ שענדלעכן סוף — דער באַשולדיקטער ווערט מאָראַליש, פּאָליטיש, געזעלשאַפטלעך געקרייציקט! אָ, וואָס עס טוט זיך דעמאָלט אָפּ! דער זיגער ווערט אַ העלד. דאָס פאָלק טראָגט אים אויף די הענט. ער ווערט דערהויבן צו הויכע אַמטן.

מאַרטאַן

לויט דיינע רייד, דזשאָו, קומט אויס, אַז דאָס פאָלק העלפט באַוווּסטזיניק צו צעשטערן דאָס לעבן פון אַן אומשולדיקן מענטשן.

דזשאָו (שמייכלט סאַרקאַסטיש)

דאָס פאָלק... כע... דאָס פאָלק... ווייסטו, מאַרטאַן, אַז דאָס פאָלק, אין זיין מערהייט, קלייבט זיך שלעכט פונאַנדער צווישן אמת און שקר. בפרט

נאָך, ווען געשיקטע הענט פאַרשטייען דעם אמת צו פאַרדרייען, פאַרטושן. בדרך כלל איז די מאַסע בלינדער פון דעם יחיד. אויך גלייביקער. פון וואַנען דען אַזוי פיל פאַרפירער אויף די טראָגנען פון פאָלקס־פירער? ניט אַלע מאָל איז עס צוואַנג. אַזוי זעען מיר ווי בלאָף מאַרשירט, גאַלאָפּירט. און מענטשן פאַסמאַקעווען זיך. קוקסטו זיך צו נענטער, זעסטו אין דעם זעלבסטפאַרטיידיקונג... יאָ, מאַרטאָן. וואָרעם יעדער איינער, קאָן מען זאָגן, האָט אַ מאָל אַליין געזינדיקט מיט אַ שטיקל בלאָף דאָ און דאָרט.

מאַרטאָן

וואָס דו זאָגסט איז, דאַכט זיך, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. דאָך קלינגט עס ביי דיר ניי.

דזשאָו

ווייל דו, מאַרטאָן, האָסט פון מיר ביז איצט אַזעלכע רייד ניט געהערט. דו קענסט דזשאָו דעם פּאָבליסיטי־אַגענט, מיט זיינע וועגן און מעטאָדן. אָבער אַן אמת וואָרט וועגן אונדזער ציוויליזאַציע האָסטו פון מיר ניט געהערט.

מאַרטאָן (גיט דזשאָון אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע)

דזשאָו! דו ביסט אָל־רייט. דיין פּסיכאָלאָגיע פון בלאָף געפעלט מיר. כ׳וועל זי נעמען שטודירן... וואָס מער איך הער דיך ריידן, אַלץ מער ווער איך איבערצייגט, אַז דו געהערסט אין וואַשינגטאָן, אין קאָנגרעס, אין סענאַט... (שטעלט זיך אויף) נו, קום, דזשאָו! מיר וועלן נעמען אַ טעקסי און צופאָרן אין קאַפע „מעטראָפּאָל". מירן עפּעס צובייסן און נעמען אַ טרונק. מיר איז טרוקן אין האַלדז, כאָטש גערעדט האָסטו.

(מאַרטאָן און דזשאָו אָפּ רעכטס. נאָך אַ קורצער פּויזע דערהערט זיך דאָס אָפּשטעלן פון אַן אויטאָ און אַ קלאַפּ פון אַן אויטאָ־טיר. עס דערשיינען פון לינקס פּאַטרישאַ און דאָקטאָר פיליפּ מענקוס. ער איז אין מיטן די פערציק. זיי בלייבן שטיין ביי דער באַנק)

מענקוס

איך קאָן דיר באַגלייטן נאָר ביז אַהער, פּאַטרישאַ. דו ווילסט אַריינגייך אין פּאַרק?

פּאַטרישאַ

ניין. אָט איז אַ באַנק. לאָמיר זיך צוזעצן. (זי זעצט זיך)

מענקוס

ניט אויף לאַנג. (נעמט פּלאַץ אויף דער באַנק)

פּאַטרישאַ

דו איילסט זיך, פיליפ?

מענקוס

איך מוז גיין אין שפּיטאָל. מיינע אַ פּאַציענטין דאַרף געלעגן ווערן. איך בין איר אַקושער. די מינוטן זיינען נאָך ניט געציילטע. אָבער מ׳קאָן ניט וויסן. אַ מאָל פּאַסירט, אַז דאָס קינד ווערט אומגעדולדיק אין מוטערס לייב און איילט זיך צו קומען אויף דער וועלט אַ ביסל פריצייטיק.

פּאַטרישאַ

איך האָב געוואָלט מיט דיר ריידן...

מענקוס

רייד. איך הער.

פּאַטרישאַ

כ׳מיין ערנסט...

מענקוס

כ׳בין גרייט.

פּאַטרישאַ (אַנטשלאָסן)

ס׳קאָן ווייטער אַזוי ניט אָנגיין, פיליפ. דו דאַרפסט פאַרשטיין... איך קאָן ניט לעבן לענגער פאַרשטעלט. מיר איז שווער צו זיין אונטער איין דאַך מיט דעם פּראָפעסאָר. די העכסטע צייט אונדזער פריינטשאַפט זאָל אָננעמען אַ לעגאַלן סטאַטוס.

מענקוס (פאַרטראַכט זיך)

כ׳פאַרשטיי... דיר איז שווער... יאָ, געוויס...

פּאַטרישאַ (שאַרף)

אַז דו פאַרשטייסט, דאַרפסטו האַנדלען אַנטשלאָסן. (באַפעלעריש.) גט אָפּ דיין פרוי!

מענקום (אַ ביסל געטראָפן)

ס׳איז אַ קאָמפּליצירטער ענ״ן... אויך פאַר דיר, פּאַטרישאַ.

פּאַטרישאַ

אַ גט אין אַמעריקע איז ניט קאָמפּליצירט. עס זיינען דאָ פיל וועגן. אין איין שטאַט שווערער, אין אַ צווייטן לייכטער. מ׳פירט דורך, ווען ס׳איז דאָ דער ווילן.

מענקום

געוויס, פיל וועגן... אָבער איינעם מוז מען אויסקלייבן... און דאָס איז ניט אַלע מאָל אַזוי גרינג...

פּאַטרישאַ (היציק)

מיר געפעלט ניט דיין צעגערן, פיליפּ...

מענקום (לייגט אַרויף זיין האַנט אויף פּאַטרישאַס)

לאָמיר עס מאַכן איבערלייגט, פּאַטרישאַ... אויסגערעכנט... (טראַכט אַ רגע) דאָ, אויף דער באַנק, קאָן דאָס ניט באַשלאָסן ווערן. און נאָך אין אַ מאָמענט, ווען איך אייל זיך ברענגען אַ נייעם נפש אויף אונדזער וועלט.

פּאַטרישאַ (שטעלט אָן אַ ברוגזע מינע)

צו וואָס די אַלע רייד ?..

מענקום

פאַרשטיי מיך רעכט, פּאַטרישאַ. כ׳מיין ערנסט (קליינע פּויזע). ווייסטו וואָס ?.. איך האָב אַ געדאַנק. לאָמיר ביידע אַרויספאָרן אין די בערג דעם וויק־ענד. מיר וועלן אָנקומען באַזונדער און זיך טרעפן אין דעם האָטעל, וווּ מיר שטייען שטענדיק איין. אויף אַ רואיקן שפּאַציר וועלן מיר דעם ענין אַרומשמועסן און באַשליסן וואָס צו טאָן. צופרידן ?...

פּאַטרישאַ

יאָ (שטעלט זיך אויף. גיט אים די האַנט בעת מענקום האַלט זיך אין אויפהייבן) אָפּגעמאַכט !

מענקום

דו, פּאַטרישאַ, קומסט אָן פריער. איך וועל דיר טעלעפאָנירן, ווען דו זאָלסט מיך דערוואַרטן. באַי־באַי... (נעמט אָפּגיין לינקס) גריס פון מיר דעם פּראָפעסאָר !

**פּאַטרישאַ** (שמייכלט צופרידן)

**ער וועט דיין גרוס באַקומען...** (גייט אַפּ רעכטס)

(פּ ו י ז ע)

**העראַלד**

(קומט אַן פון לינקס. אַ פּאַרטפעל אונטערן אָרעם. שטעלט זיך אָפּ ביי דער באַנק. טראַכט אַ ווילע. זעצט זיך. לייגט דעם פּאַרטפעל אויף די קני. נעמט אַרויס אַ טיכל אוןווישט זיך דעם שטערן)

**הייס... הייס...**

(שטעקט אַריין דאָס טיכל צוריק אין קעשענע. נעמט אַרויס פון אַן אַנדער קעשענע אַ פּעקל ציגאַרעטן. פאַרוויכערט. בלייבט מיטן פּעקל ציגאַרעטן אין האַנט)

**בעטלער**

(קומט אַרויס דורך דעם פּאַרק־טויער. גרויסע, טונקעלע ברילן פאַר־דעקן טיילווייז אַן אויסגעצערט פּנים. זיין גאַנג לייכט וואַקלדיק. שטעלט זיך אָפּ. שטרעקט אויס די האַנט צו ה ע ר אַ ל ד ן)

**דזשענטלמען, גיב עפּעס!.. נאָך היינט גאָרניט געהאַט אין מויל...**

(ה ע ר אַ ל ד נעמט אַרויס אַ מטבע און דערלאַנגט דעם ב ע ט ל ע ר ניט קוקנדיק אויף אים. ב ע ט ל ע ר טאַפּט די מטבע מיט די פינגער. איז קענטיק צופרידן)

**טהענק יו... מעג איך האָבן אַ ציגאַרעט?**

**העראַלד** (דערלאַנגט דעם ב ע ט ל ע ר דאָס פּעקל ציגאַרעטן)

**נעמט דאָס גאַנצע... איך רויכער ווייניק...**

(ער הייבט אויף די אויגן צום בעטלער. קוקט אים אָן. ציטערט לייכט אויף פון אַ ניט זיכערן געדאַנק)

**בעטלער** (נעמט צו דאָס פּעקל ציגאַרעטן, קוקט אָן דעם געבער, גיט זיך אַ טרייסל אויף, שטרעקט זיך אויס גלייך, מיט אַ יוגנט־שטעל)

**זע נאָר!... העראַלד... העראַלד שפּיצבערג... איך שווער...**

**העראַלד** (פאַרוווּנדערט, אין פאַרלעגנהייט)

**ווּעמען האָב איך דעם כבוד צו טרעפן?**

**בעטלער** (ציילט די ווערטער)

**דאָס פּנים עלטער... געוויס... אַזוי פיל יאָרן... אָבער די שטים, יונג, ווי אַ מאָל... אין הייסקול...** (נעמט אַראָפּ די ברילן) **דערקענסטו מיך ניט?... געווען מיט דיר אין איין קלאַס... צוזאַמען גראַדואירט.**

**הערald** (שטרענגט אָן זיינע בליקן)

**דאַכט זיך — באַקאַנט... יאָ, כ׳דערקען... ווי איז דיין נאָמען? דזשיימס?...**

**בעטלער**

**געוויס, דזשימי... געווען דער קעפּטעין פון פוטבאָל־טיעם אין אונדזער הייסקול.**

**הערald**

**יאָ, יאָ... אַזוי פיל יאָרן... שווער צו דערקענען... האָסט זיך פיל געענ־דערט, דזשימי.**

**בעטלער**

**פיל דורכגעמאַכט, פיל געענדערט. דו קוקסט מיך אָן, ווונדערסט זיך געוויס — איז דאָס דזשימי?... דער אַטלעט, ווען די מיידלעך זענען נאָכגעלאָפן?... יאָ, הערald, דאָס איז דזשימי. ניט דער אַמאָליקער... היינט לויפן מיר נאָך יינגלעך־שטיפער.... וואַרפן אַ מאָל אַ שטיין...**

**הערald** (צערודערט)

**ווי ביסטו צו דעם געקומען?**

**בעטלער**

**ס׳איז אַ לאַנגע געשיכטע... צו מאַכן עס קורץ — אַרויס פון סקול, בין איך אַוועק דינען אין פלאָט. נאָך דריי יאָר צוריקגעקומען. ניט געוואָלט שוין מער לערנען. געטאָן פאַרשיידענע מלאכות. חתונה געהאַט... צוויי קינדער... מיין צייטפאַרטרייב — דער שענק... וואָס ווייטער, אַלץ אָפטער... איין מאָל — איך קום אַהיים שפּעט אין אָוונט — קיינער ניטאָ אין הויז... אַ צעטעלע פון מיין ווייב. זי פאַרלאָזט מיך... נעמט מיט די קינדער...**

**הערald** (ווי פאַרטראַכט, צו זיך)

**דאָס ווייב... יאָ, דאָס ווייב...**

**בעטלער**

**נו, ווייטער איז שוין געגאַנגען ווי אין די שונד־ראָמאַנען. פאַרלאָזן...**

אַליין — איז דער שענק געוואָרן מיין איינציקע היים. ניט געקאָנט מער זיך האַלטן אויף אַ דזשאָב — אַ מאָל האָב איך אַליין פאַרלאָזט, אַ מאָל מיך פאַרטריבן. דער אַלקאָהאָל... פאַרשטייסט... שוין ניט געטאָן קיין אַרבעט — איך געדענק ניט די צייט... אָט ווי דו זעסט... פאַר דיר שטייט דזשימי דער אַטלעט... דער העלד... (שמייכלט סאַרקאַסטיש).

הערעלד (מער צו זיך)

ניט גוט... געוויס ניט גוט...

בעטלער

און דו, הערעלד, האָסט שטודירט. געוואָרן אַ דאָקטאָר. אַ פּראָפעסאָר... נוקלעאַרע פיזיק... אַטאָמען... געזען אַ מאָל דיין נאָמען אין אַ צייטונג, וואָס איך האָב געפונען אויף אַ באַנק אין פּאַרק. ס׳האָט מיך געפרייט צו הערן פון דיר אַ ווייטן גרוס... דו ביסט געוועזן אַ גוד באָי... און מיר ביידע גוטע חברים... סיק טראַנזיט גלאָריאַ מונדי...

הערעלד

דו דאַרפסט געפינען אין זיך צוריק דיין אַמאָליקן שטאָלץ, דזשימי. אָן שטאָלץ אין זיך טאָר אַ מענטש ניט אַרומגיין. מ׳פאַרלירט אַלץ. שטודירן איז פאַר דיר שפּעט. געוויס. אָבער אַרבעטן — יאָ, דאָס קאָנסטו נאָך. מיט ווילן ווערסטו נאָך וואָס דערגרייכן. און דיין פרוי?... נו, יאָ. דו ביסט ניט דער איינציקער קרבן...

בעטלער

צו שפּעט פאַר מיר. אַלץ צו שפּעט... ווען איך טרעף דיך מיט יאָרן פריער, ווען אַ פונק פון אַמאָליקן דזשימי האָט נאָך אין מיר געטליעט, דאַן — וואָלט דיין עצה אפשר נאָך געהאָט אויסזיכט. אָבער היינט?... (טראַכט אַ רגע און שטרעקט אויס דאָס פּעקל ציגאַרעטן צו הערעלדן) נעם אַ ציגאַרעט, הערעלד. לאָמיר פאַררויכערן ווי אַלטע חברים... צום אָנדענק פון אונדזער יוגנט־פריינטשאַפט.

(הערעלד נעמט אַרויס אַ ציגאַרעט פון פּעקל. פאַררויכערט מיט אַ צינדער און אויך דעם ציגאַרעט אין בעטלערס מויל. בעטלער פאַרציט דעם רויך און בלאָזט אים אַוועק אין דער הויך. נעמט אַרויס פון מויל דעם ציגאַרעט און הייבט אים אויף, ווי אַ כוס)

**פראַזיט, העראָלד!** (נעמט אָפּגיין) **באַי־באַי!.. געווען אָנגענעם דיך צו טרעפן... פאַרגעס ניט די אַטאָמען... די באָמבעס... די וועלט דאַרף האָבן אַ קראַך... איינעם און אַ גוטן!.. באַי!**

(אָפּ דורך דעם טויער אין פּאַרק)

**העראָלד** (בלייבט זיצן מיט אַ פאַרוואָלקנט געזיכט. רעדט ווי עמעץ וואָלט פאַר אים געשטאַנען)

**אַ שאָד... געווען אַ גוד באַי... אַראָפּ פון וועג... אַ טרעמפּ... נו, יאָ, די פרוי... אַלץ קאָן טרעפן...**

**סימאָר** (קומט אַן פון לינקס. טראָגט אַ שווערן רענצל מיט ביכער. דער־זעט דעם פאָטער. דערנענטערט זיך מיט שנעלע טריט)

**פּאַ!**

**העראָלד** (נעמט אַרום סימאָרן, דריקט אים צו זיך. רעדט ווי פאַר־זעצנדיק אַ געדאַנק)

**אַזוי איז עס, מיין קינד... איין מאָל אַראָפּ פון וועג, איז שווער צוריק...**

**סימאָר**

**וועגן וואָס רעדסטו, פּאַ!**

**העראָלד** (לאָזט אָפּ סימאָרן)

**געטראָפן דאָ אַן אַלטן יוגנט־פריינט. נאָך פון הייסקול. אין אַ שרע־קלעכן צושטאַנד. ער איז מיר אין גאַנצן געווען אַרויס פון זינען... און דאָ באַווייזט ער זיך... זיין אויסזען, אויפפירונג... מיך אין גאַנצן צעטרייסלט... און איך דאַרף האָבן רו... די אַרבעט... אין הויז אויך פאַרדרוס... די מאַמע... זי פאַרשטייט מיך נישט...** (מער צו זיך) **וואָס קאָן איך טאָן?!..**

**סימאָר**

**דו פילסט זיך ניט גוט, פּאַ?**

**העראָלד**

**און דיין צוקונפט, סימאָר, פילט מיך אויך אָן מיט זאָרג. גרויסע מאַטעמאַטישע פעאיקייטן און ווילסט עס אַוועקוואַרפן. אַגריקולטור גאָר... צו וואָס אַגריקולטור?..**

**סימאָר**

**ס'איז אַ פּראַקטישע, נוצלעכע אַרבעט, פּאַ.**

העראַלד

**געוויס, פראַקטיש. אָבער דו ביסט געבוירן מיט פעאיקייטן צו ווערן אַ גרויסער וויסנשאַפטס־מאַן. אַריבערשטייגן דיין פאָטער.**

סימאָר

**מיך שרעקן דיינע אַטאָמען...**

העראַלד

**שוין ווידער פראָפּאַגאַנדע! ווו הערסטו דאָס? אין סקול?**

סימאָר

**חברים ריידן... אַפילו קעגן דיר, פּאַ...**

העראַלד

**פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז ניט פון דיין אייגענעם קאָפּ.**

סימאָר (טראַציק)

**ס׳איז יאָ פון מיין קאָפּ, פּאַ!**

העראַלד (שטעלט זיך אויף)

**גוט. זאָל זיין אַזוי.** (נעמט אָן סימאָרן) **אַבי אַרבעטן, שטודירן. ווען ניט, ווערט מען פאַרלאָרן. געדענק עס, מיין זון.** (דריקט אים צו זיך. ביידע אָפּ רעכטס)

**פאָרהאַנג**

# דריטער אַקט

**צען טעג שפּעטער.**
**דאָס קאַפע־הויז „מעטראָפּאָל״. אַ חדר פון מיטעלן גרייס. אייניקע טישלעך, אַ פּאָר גרעסערע, צעשטעלט אין די ווינקלען. שטולן. אַ גראַמאָפאָן אויף אַ טישל אין אַ זייט. רעכטס די טיר פון דרויסן. לינקס אַ געוועלב־דורכגאַנג צו דער קיך און צו אַ קליין צימער, ווו ביי אַ טישל זיצן עטלעכע געסט. עס זעט זיך פון דאָרט אַ טעלעפאָן־בודקע. דערביי הענגט אַ שפּיגל. אין הויפּט־צימער, ביי אַ גרעסערן טיש, זיצן בערנאַרד, באַרבאַראַ, צוויי על־טערע שטאַם־געסט פון דעם טיפּ „קיבעצערס״. לואיז, אַן עלטער מיידל, מיט דעם צונאָמען „די פּאַריזערין״. זי רויכערט געשיקט אַ ציגאַרעט. ביי צוויי אַנדערע טישן צוויי פּאָרלעך. מען טרינקט קאַווע. דאָס צימער איז טונקל באַלויכטן. עס ווערט פיל גערויכערט. דער קעלנער, אַדאָלף, דרייט זיך אַרום פון איין טישל צום צווייטן.**
**ס׳איז שפּעט אין אָוונט.**

באַרבאַראַ (צו באַרנאַרדן)
**אַנקל בערנאַרד —**

בערנאַרד (מיטן קאָפּ פאַרטיפט אין אַ צייטונג)
**יעס, באַרבאַראַ.**

באַרבאַראַ
**האָסטו געלעזן אין די היינטיקע צייטונגען די קריטיק וועגן באַסיניס קאָנצערט ?**

בערנאַרד (קערט איבער אַ בלאַט פון דער צייטונג)
**געלעזן אַ פּאָר.**

באַרבאַראַ
**אויך מאַרטאָנס ?**

בערנאַרד (לייגט אַוועק די צייטונג)
**זיינען די איניציאַלן מ. פּ. מאַרטאָנס ?**

באַרבאַראַ

וועך אַן אַנדערער ?..

בערנאַרד

זייט ווען איז מאַרטאַן געוואָרן אַ מוזיק־קריטיקער ?

באַרבאַראַ

זייט אים האָט זיך פאַרגלוסט אַראָפּצורייסן דעם פּיאַניסט פּיטער באַסיני...

בערנאַרד

פאַרגלוסט — אָבער מ׳דאַרף דאָך פאַרשטיין מוזיק.

ערשטער שטאָם־גאַסט

וואָס ווייניקער מען פאַרשטייט אין קונסט, אַלץ מער חשק האָט מען צו שרייבן וועגן דעם...

צווייטער שטאָם־גאַסט

און אַלץ מער אַראָפּרייסן...

בערנאַרד (דריקט אויס דערשטוינונג)

אָבער מאַרטאַן געהערט דאָך ניט צום סטאַף פון די מוזיק־קריטיקער אין דער צייטונג.

באַרבאַראַ

איך האָב היינט מיט אים גערעדט וועגן דעם. געהאַט אַ שאַרפן איבעררייד... פאַקטיש אַ קריג... האָט ער אַ תירוץ. ווי געוויינלעך...

בערנאַרד

וואָס איז דער תירוץ ?

באַרבאַראַ

מאַרטאַן זאָגט, אַז דער הויפּט מוזיק־קריטיקער פון דער צייטונג איז דעם אָוונט געווען פאַרנומען. געדאַרפט דעקן אַן אַנדער קאָנצערט. אַזוי אויך זיין אַסיסטענט. האָט ער אים געבעטן צו גיין צו באַסיניס קאָנצערט און אָנשרייבן אַ דריטל קאָלום.

בערנאַרד

און מאַרטאַן האָט זיך נישט געלאָזט בעטן —

בּאַרבּאַראַ

זעסט דאָך...

בּערנאַרד

אפשר איז די מעשה פאַרקערט — מאַרטאַן האָט זיך איינגעבעטן ביים הויפּט־קריטיקער צו לאָזן אים מאַכן דעם דזשאַב...

בּאַרבּאַראַ

גאַנץ מעגלעך... זאָג, אַנקל, דו ביסט דאָך געווען מיט מיר אויפן קאָנצערט. איז מאַרטאַן גערעכט מיט זיין אַראָפּרייסן?

בּערנאַרד

איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, בּאַרבּאַראַ. איך בין געווען ווייט פון באַגייסטערט... האָב עס דיר געזאָגט באַלד נאָכן קאָנצערט. אָבער מאַרטאַן איז ניט גערעכט. אַזאַ שאַרפע קריטיק האָט באַסיניס קאָנצערט ניט פאַרדינט. אַ פּאָר זאַכן האָט ער געשפּילט זייער שיין. מ׳קאָן זאָגן — מיט אַ געוויסער ווירטואָזיטעט. כאָטש דאָ און דאָרט צו פיל פייער... צו פיל „שמאַלץ״, ווי מען רופט עס אויף דעם זשאַרגאָן פון דער מוזיק־וועלט.

בּאַרבּאַראַ (פאַרטראַכט זיך)

אָ, דאָס פייער!.. דאָס איז פּיטערס איטאַליעניש בּלוט... (רויטלט זיך)

בּערנאַרד

איז בּאַסיני אַן איטאַליענער?.. און איך האָב געמיינט, אַז ער איז אַן אונגדזעריקער... אַ ייד, געבאָרן אין רוסלאַנד, פּוילן, צי גאָר אין ברוקלין...

בּאַרבּאַראַ

וואָס האָט דיך געמאַכט אַזוי גלייבן?

בּערנאַרד

ווייל ס׳איז באַקאַנט, אַז פיל מוזיקער, קאָנצערטיסטן, וואָס טראָגן איטאַליענישע נעמען, זיינען יידן פון ברוקלין.

ערשטער שטאָם־גאַסט

און דער טאַטע אַ חזן.

צווייטער שטאָם־גאַסט

צי גאָר אַ כּלי־זמר.

באַרבאַראַ

פיטער באַסיני איז טאַקע געבאָרן אין ברוקלין, אָבער פון איטאַליע־נישע עלטערן (קורצע פויזע) דו ווייסט, אָנקל, איך האָב אַ חשד, אַז מאַר־טאַן איז גאָרניט געווען ביים קאָנצערט. איך האָב אים אין זאַל ניט געזען.

בערנאַרד

איז דאָס מעגלעך ?! דאָס וואָלט געווען נידעריק, געמיין.

באַרבאַראַ

פרעג ביי מאַרטאַנען...

ערשטער שטאַם־גאַסט

ניטאָ זיך וואָס צו וווּנדערן. אַ גאַנץ געוויינלעכע דערשיינונג. באַזונ־דערס ביי מענטשן, ביי וועמען דאָס געוויסן איז — ווי זאָל איך עס אָנרופן ? — אַ ביסעלע צעשפּאָלטן. זיי קאָנען ניט זיין אָנוועזנד ביי אַ געשעעניש, און ריידן וועגן דעם ווי זיי וואָלטן געווען דערביי, געזען מיט די אייגענע אויגן. דאָס שענסטע דערביי איז — זיי נעמען באַלד אַליין גלייבן, אַז זיי זיינען געווען אויף דעם אָרט.

צווייטער שטאַם־גאַסט

די פסיכאָלאָגן האָבן אַ וואָרט פאַר דעם. אַ באַקאַנטער דייטשער־פילאָ־זאָף האָט אַ מאָל —

בערנאַרד (שלאָגט אים איבער)

ציטירט מיר ניט די דייטשע פילאָזאָפן, איך בעט אייך! איך קען זיי אויף אויסנווייניק. גענוג יאָרן צעבראָכן דעם קאָפּ איבער זייערע לערעס, סיסטעמען. אַלץ ספּעקולאַטיוו. געשלענגלטער רויך אין דער לופט. דו זעסט דעם רויך, אָבער קיין ממשות... קאָנסט עס ניט אָנווענדן אין לעבן, ציען פּראַקטישן נוץ (ווערט היציק) איך זאָג אייך, ווען די דייטשע פילאָזאָפן וואָלטן ווייניקער געשפּאָלטן האָר און זיך מער פאַרטיפט אין דעם כאַראַק־טער פון זייער פאָלק, וואָלט, מעגלעך, קיין היטלער ניט געקומען.

ערשטער שטאַם־גאַסט

שפּאַלטן האָר איז אַ דייטשע כאַראַקטעריסטיק.

צווייטער שטאַם־גאַסט

און קעפּ אויך...

בערנאַרד

בלויז דער געניאַלער קאַנט האָט געזאָגט אַ וואָגיק, פּראַקטיש וואָרט, און טאַקע מיט זיין „דינג אַן זיך". דאָס איז דער דייטשער אַלטער עגאָ — שטענדיק עפּעס אַנדערש, ווי דו זעסט מיט דיינע אויגן. מעגלעך, אַז קאַנט האָט געזען זיין פאָלק אַלס באַווייז צו זיין טעאָריע. ער האָט עס אָבער געלאָזט הענגען אין דער לופט.

ערשטער שטאַם־גאַסט

טעאָריעס אין דער לופט איז אַן אַלטע דייטשע אייגנשאַפט — נאָט אייך אַ פילאָזאָפיע און צעברעכט זיך דעם קאָפּ! מיר אַליין וועלן אונדזערע אינטערעסן דורכפירן פּראַקטיש, אָדער גאָר ווי וואָטאַן הייסט...

צווייטער שטאַם־גאַסט

מען מוז צוגעבן, ס'איז אַ טייוולאָניש שפּיל.

בערנאַרד

דאָס דייטשע פאָלק האָט לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן צו צייגן אָפן זיין אַלטער עגאָ. מיט פילאָזאָפיע־רויך איבער די אויגן, מיט קאַמופלאַזש, האָט אַ וועלט געזען די דייטשן אַלס אַ פאָלק פון הויכער קולטור. לויט דעם פּרינציפּ פון „דאָס דינג אַן זיך" האָבן מיר מיט אַ מאָל דערזען אַ פאָלק פון היטלערס, הימלערס און אייכמאַנס.

ערשטער שטאַם־גאַסט

נו — עס זענען אויך דאָ בעסערע דייטשן.

צווייטער שטאַם־גאַסט

גיי צייל זיי איבער!

לואיז (פאַררויכערט אַ ציגאַרעט און בלאָזט דעם רויך דורך די נאָזלעכער)

צו פיל פילאָזאָפיע פאַר ד ע ם טיש... (רופט) אַדאָלף!

אַדאָלף (קומט צו)

וואָס ווינטשט מאַדמואַזעל לואיז?

לואיז

איין קאַפע מיט שמאַנט!

אַדאָלף

עפּעס צובייסן, מאַדמואַזעל?

לואיז

*שפּעטער.*

(אַ ד אָ ל ף באַטראַכט די געסט ביים טיש, ווי דערוואַרטנדיק אַ באַ־
שטעלונג. גייט אָפּ אין קיך)

באַרבאַראַ

די פּאַריזערין איז גערעכט. לאָמיר ריידן פון פריילעכערע זאַכן. ווי
געפעלט אייך דער „טוויסט״?

בערנאַרד

זייער שטאַרק. מענטשן זיינען מיד געוואָרן פון דרייען מיטן קאָפּ,
דרייט מען מיט די פיס...

ערשטער שטאַם־גאַסט

ערגעץ ווו מוז דאָך דער קאָפּ זיך אָפּרוען.

צווייטער שטאַם־גאַסט

און זיך אָנזאַפּן מיט פרישע געדאַנקען.

בערנאַרד

אַז מיר לעבן אין אַ צייט פון עסקאַפּיזם. נאָר מען וויל אַנטלויפן פון
זיך אַליין!

לואיז

מיר געפעלט ניט דער „טוויסט״. צו פיל צערעמאָניע... צו ווייניק
טאַנץ. צו וואָס דער אָנשטעל? פּאַריז וועט דעם טאַנץ ניט אָננעמען. די
פּראָווינצן זיינען פּראַקטיש. זיי מאַכן עס ניט פאַרשטעלט. אָט נעמט „פּאָלי
בערזשער״ — ווער פון אייך איז דאָרטן געוועזן?

בערנאַרד

איך האָב אַ מאָל באַזוכט „פּאָלי בערזשער״. ניט אינטערעסאַנט. נאָר
אויב חוהס קליידער איז פּראַקטיש — —ביסטו גערעכט, לואיז.

לואיז

כ׳מיין צו זאָגן — אין פּאַריז איז דאָס לעבן ניט פאַרשטעלט. צו וואָס
אילוזיע?

באַרבאַראַ

אילוזיע איז שיין... אָן אילוזיע לעבן חיות.

בערנאַרד

באַליידיקט ניט די חיות, לואיז. זיי האָבן אָפט מער אילוזיע פון זייערע מענטשלעכע באַגלייטער. אַט נעם די קאַץ. איר לעבן איז אידעאַלע פּריוואַט־קייט. און דאָס מיינט אילוזיע. אמת, די קאַץ האָט אויך ליב אַ מאָל אָפּן אַ שפּיל טאָן מיט דער מויז...

ערשטער שטאָם־גאַסט

איך וואָלט דאָס קאַץ־און־מויז שפּיל אָנגערופן „טוויסט״. מען דרייט זיך באַזונדער, און דאָך האַלט איינער דעם צווייטן איינגעביסן...

צווייטער שטאָם־גאַסט

דער סוף איז — איינער באַלעקט זיך און דער צווייטער איז פאַרשלונגען...

באַרבאַראַ

דערמאָנט אַ טאַנץ און פאַרקראָכן אין פילאָזאָפיע. דזשענטלמען! האָט רחמנות!

בערנאַרד

דאָס איז די פילאָזאָפיע פון לעבן, באַרבאַראַ. מעגסט זיך אין איר פאַרטראַכטן.

באַרבאַראַ

צו וואָס?..

לואיז

ווי איך זאָג — ווו שפּיל, דאָרט מוז איינער פאַרצערט ווערן.

בערנאַרד

מיין טייערע פאַריזערין, אויב דו ווילסט, איז דאָס גאַנצע לעבן אַ „טוויסט״. מען דרייט זיך מיט אילוזיע, און מען פאַרענדיקט אין קאַץ־און־מויז...

לואיז

איך פאַרשטיי דאָס ניט.

בערנאַרד

ווייל דו האָסט געלעבט אָן אילוזיע.

לואיז

**ניט אמת! איך האָב געהאַט אַ מאָל אילוזיע... אפשר צו פיל... געחלומט צו ווערן אַ סקולפּטאָר, אַ באַלעט־טענצערין... דריי יאָר אין פּאַריז... אויף מאָנמאַרטר — און אַלץ צערונען...** (אַ קלאַפּ אין טיש מיטן פויסט) **צום טייוול!...**

(מאַרטאָן און דזשאָו קומען. מאַרטאָן זעצט זיך ביים טיש אַנטקעגן באַרבאַראַן. דזשאָו פאַרנעמט אַן אָרט רעכטס פון באַרבאַראַן)

בערנאַרד (צו מאַרטאָנען)

**ביי לייטן, אַז מען קומט אַריין, גיט מען פריער אַ קוש די פרוי איידער מען זעצט זיך.**

מאַרטאָן

**אָ, פּאַרדאָן! פאַרגעסן.**

באַרבאַראַ

**מוחל זיין העפלעכקייט.**

(אַדאָלף ברענגט אַ קאַפע און סערווירט לואיזען)

מאַרטאָן (צו אַדאָלפן)

**אַ קעז־סענדוויטש און אַ קאַפע!**

דזשאָו

**מיר אַ קאַפע און אַן עפּל־שטרודל!**

אַדאָלף (צו בערנאַרדן. רעדט דייטשמעריש)

**און וואס ווינשט הערר בערנאַרד?**

בערנאַרד

**מיר** (קלערט נאָך) **— אַ שוואַרצע קאַווע...**

(אַדאָלף דרייט זיך, האַלט ביים אָפּגיין)

**וואַרט, אַדאָלף!..** (צו באַרבאַראַן) **און דו, באַרבאַראַ, וואָס באַשטעלסטו?**

באַרבאַראַ (אין קענטיקער אומרו)

**קיין דורשט און קיין אַפּעטיט...**

(אַדאָלף פאַרשווינדט דורך דער קיך־טיר)

בערנאַרד (צו מאַרטאַנען)

וואָס הערט מען ביי דיר, מאַרטאַן?

מאַרטאַן

קיין באַזונדערס (טראַכט אַ רגע) אַחוץ וואָס דער הויפּט מוזיק־קריטיקער פון אונדזער צייטונג האָט מיר היינט געדריקט די האַנט — געלויבט מיין רעצענזיע וועגן באַסיניס קאָנצערט.

(קוקט אויף באַרבאַראַן, וועלכע שענקט אים אַ פאַראַכטלעכן בליק)

בערנאַרד

לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן (צו מאַרטאַנען). זאָג מיר, ווי האַלט עס מיט דער פאַרליימדונג־אָנקלאַגע קעגן דיר און דיין צייטונג?

מאַרטאַן

עס האַלט זייער גוט. זאָל דזשאָו זאָגן...

דזשאָו

איך בין זיכער, אַז דער פּאָליטישן וועט ניט גיין אין געריכט. כ׳הער, אַז ס׳פאַרדריסט אים שוין וואָס ער האָט אָנגעהויבן... זוכט אַ וועג זיך אַרויסצודרייען.

מאַרטאַן (אויפגעלייגט)

יאָ, געוויס... האָב היינט געזען מיין אַדוואָקאַט. דאָס איז אויך זיין מיינונג... דער אַדוואָקאַט פון דעם פּאָליטישן האָט אים טעלעפאָנירט און געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וואָלט איינגעגאַנגען אויף אַ שליכטונג, אַ פאַרשטענדיקונג. מיין צייטונג דאַרף בלויז מאַכן אַ שריט פון סאַטיספאַקציע... מיין אַדוואָקאַט וועט מיר טעלעפאָנירן אַהער, ווען עפּעס נייעס.

דזשאָו

אַ פאַרשטענדיקונג אויסערן געריכט קאָן לייכט געמאַכט ווערן. (צו מאַרטאַנען) דו וועסט נאָך אַרויס דער זיגער, מאַרטאַן. ווי איך האָב פאָרויסגעזאָגט... און מיין קאַנדידאַט, פאַר וועמען איך שרייב פּאָבליסיטי, האָט דערוויַיל פון דעם ענין פיל פּראָפיטירט...

(אַ ד אָ ל ף קומט אַן מיט אַ פולן טאַץ. צעשטעלט די באַשטעלונגען. גייט אַריבער צו אַן אַנדער טישל, פון וואַנען אַ האַנט גיט אים אַ צייכן. נעמט אַן אַ באַשטעלונג. אָפּ אין קיך. ח י י ק ל קומט אַן. איבער זיין האַלדז, אויף אַ באַנד, הענגט אַ ברייט, פלאַך קעסטל מיט ראַמען אַרום, אָנגעפּילט מיט פעדלער־סחורה. דאָס קעסטל דער־גרייכט צו זיין ברוסט. ער גייט צו צום ערשטן טישל נאָנט ביי דער טיר, ווו עס זיצט אַ פּאָרל. ער באַט אָן זיין סחורה, שטום, מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. קריגט אַן אָפּזאָג דורך אַ צייכן פון אַ האַנט. גייט צו צו די איבעריקע טישלעך מיט געסט. קריגט די זעלבע באַהאַנדלונג. דערזעט דאָס טישל, ווו ב ע ר נ אַ ר ד זיצט מיט די געסט. בלייבט שטיין אַ רגע פאַרלאָרן. מאַכט אַ באַוועגונג אָפּצוגיין, ווען ער ווערט באַמערקט פון באַרבאַראַן)

**באַרבאַראַ** (צו ב ע ר נ אַ ר ד ן)

**זע, אָנקל! חייקל איז דאָ...**

**בערנאַרד** (אַ דריי דעם קאָפּ אין דער ריכטונג צו ח י י ק ל ע ן)

**קום אַהער, חייקל!** (ח י י ק ל טרעט צו. בלייבט שטיין מיט אַ געבויגע־קאָפּ) **ווי גייען די ביזנעס, חייקל?**

**חייקל**

**ערשט דער אָנהייב... אַ פּאָר טעג... ס׳וועט ווערן בעסער... כ׳האָף...**

**בערנאַרד**

**נאָר ניט פאַרלירן דעם מוט, חייקל... ניט איין מיליאָנער אין אַמע־ריקע האָט אָנגעפאַנגען מיט פעדלען, אַזוי ווי דו...**

**חייקל**

**כ׳ווייס...**

**בערנאַרד**

**נו, צייג דייך סחורה!** (באַקוקט און באַטאַפּט די אַרטיקלען אין דעם הענגענדיקן שאַכטל. נעמט אַרויס אַ שטיקל זייף, אַ קעמל, אַ טיכל. דערלאַנגט חייקלען אַ פּאַפּירענע אַסיגנאַציע)

**חייקל** (באַקוקט דאָס פּאַפּירל)

**פינף דאָלער! איך האָב נישט אַזוי פיל רעשט...** (וויל צוריקגעבן דאָס פּאַפּירל)

**בערנאַרד** (שטויסט אָפּ חייקלען לייכט מיט דער האַנט)

**וועסט מיר אָפּגעבן אַן אַנדערש מאָל.**

**חייקל** (קווענקלט זיך. דריקט דאָס פּאַפּירל אין זיין האַנט)

**ביז איך וועל לייזן פינף דאָלער... ס׳קאָן לאַנג נעמען...**

בערנאַרד (לייגט אַריין די אַרטיקלען אין קעשענע)

ניקשקשה. איך קאָן וואַרטן...

חייקל (מאַכט אַ באַוועגונג אָפּצוגיין)

באַרבאַראַ

מיסטער חייקל! קום אַהער! דו האָסט פּאַרפיומען?

חייקל (טרעט צו נאָנט צו באַרבאַראַן)

כ׳האָב. אַ ביליקער סאָרט...

בערנאַרד

(נעמט אַרויס פון חייקלס שאַכטל צוויי קליינע פלעשלעך. באַקוקט)

גאָרנישט שלעכט... איין פלעשעלע דער פּאַריזעריןֿ. (דערלאַנגט איינס לואיזען.ביידע לייגן אַריין די פלעשלעך אין זייערע האַנטבייטלען)

מאַרטאָן (שטעקט די האַנט אין קעשענע)

איכ׳ל באַצאָלן...

באַרבאַראַ (שלאָגט אים איבער)

ניט נייטיק... כ׳האָב אַליין געלט. (נעמט פון האַנטבייטל אַ פּאַפּירל און וויל עס דערלאַנגען חייקלען)

מאַרטאָן

דו באַליידיקסט מיך, באַרבאַראַ.

באַרבאַראַ

אַז דו פילסט אַזוי —

בערנאַרד

קריגט זיך ניט איבער אַזאַ קלייניקייט! איך וועל עס באַזאָרגן. (צו חייקלען) וואָס דאָס באַטרעפט, זאָל עס זיין פאַר דער רעשטע, חייקל. גוט אַזוי?...

חייקל

אַז דו ווילסט... אַ דאַנק. (אָפּ)

(עס דערהערט זיך אַ קלונג פון טעלעפאָן־בודקע. מען זעט אַדאָלפן אַריינגיין אין בודקע און באַלד צוריק).

אַדאָלף

מיסטער מאַרטאָן פולשיין — אַ טעלעפאָן!

מאַרטאַן (שטעלט זיך אויף)

מיין אַדוואָקאַט געווים. (גייט אַריין אין טעלעפאָן־בודקע)

(פויזע)

מאַרטאַן (קומט צוריק. אַ פריילעכער שמייכל אויפן פנים).

ווי דערוואַרט. (זעצט זיך ברייטלעך) **דער פּאָליטישן האָט צוריקגע־צויגן די אָנקלאַגע. די צייטונג וועט אָפּדרוקן אַ נאָטיץ מיט אַ לייכטער אַנטשולדיקונג. בראַוואָ!** (רופט) **אַדאָלף! אַ פלאַש שאַמפּאַניער!**

(אַדאָלף גייט צו. באַלד אָפּ אין קיך)

דזשאָן

**דער גנב האָט זיך דערשראָקן. נו, איצט האָב איך שטאָף פאַר נייע פּאָבליסיטי... קאַמפּעין־שטאָף פאַר מיין קאַנדידאַט...**

(אַ גאַסט פון אַן אַנדער טישל גייט צו צום גראַמאָפאָן. לייגט אַרויף אַ פּליטע. עס דערהערן זיך קלאַנגען פון „טוויסט". אַ פּאָרל פון די געסט, באַלד נאָך אַ פּאָרל, לאָזן זיך אַוועק טאַנצן)

מאַרטאַן (פריילעך)

**דער „טוויסט"!** (שטעלט זיך אויף) **ווער טאַנצט מיט מיר?.. דו, באַרבאַראַ?**

באַרבאַראַ

**איך פיל ניט צו טאַנצן...**

מאַרטאַן (צו לואיזען).

**די פּאַריזערין!.. לואיז, קום! טאַנצן איז דאָך דיין פּראָפעסיע...**

לואיז

**ניט דער „טוויסט"** (שטעלט זיך אויף) **נאָר אַז אַ קאַוואַליר לאַדט איין...**

(זי גייט מאַרטאַנען די האַנט. זיי טאַנצן)

דזשאָן

**באַרבאַראַ וועט זיין מיין פּאַרטנערין...** (שטרעקט אויס די האַנט)

באַרבאַראַ (צעגערט אַ רגע)

**ניטאָ קיין חשק... נאָר —** (שטעלט זיך אויף, נעמט אַן דזשאָנס האַנט. לאָזן זיך אַריין אין דעם טאַנץ)

**בערנאַרד**

**אַז אַ וועלט איז משוגע —**

ערשטער שטאָם־גאַסט

**מוזן די פיס אַרויסהעלפן.**

צווייטער שטאָם־גאַסט

**ווען איך בין אַ ביסל יינגער, טאַנץ איך אויך דעם „טוויסט״.**

ערשטער שטאָם־גאַסט

**דו גאָר ?!...**

צווייטער שטאָם־גאַסט

**אַ ביסל עסקאַפּיזם...**

ערשטער שטאָם־גאַסט

**פון וואָס ווילסטו אַנטלויפן ?**

צווייטער שטאָם־גאַסט

**פון זיצן דאָ און קיבעצן...**

ערשטער שטאָם־גאַסט

**געוואָרן דיר שווער דייןווירקלעכקייט ?**

צווייטער שטאָם־גאַסט

**קיין מאָל ניט גרינג געווען...**

**באַסיני** (קומט אַן. בלייבט שטיין ביי דער טיר. ווי צו זיך)

**דער „טוויסט״ !... ס׳עקלט... אויך באַרבאַראַ אין דעם טאַנץ !..**

(די מוזיק שטעלט זיך אָפּ. דער טאַנץ הערט אויף. די געסט פאַרנעמען זייערע פלעצער)

**מאַרטאַן** (דערזעט באַסיני ן. נעמט אָן אַ געקינסטלטן טאָן)

**זע נאָר... באַסיני איז דאָ...** (צו באַסיני) **קומט אַהער, ווירטואָז באַסיני !.. זייט אונדזער גאַסט. זעצט זיך.**

(גרייט צו פאַר באַסיני ן אַ שטול ביים טיש)

(באַרבאַראַ הייבט אויף צו באַסיני ן די אויגן. אַ געדריקטער שמייכל אויף אירע ליפּן. וויל קענטיק עפּעס זאָגן, נאָר האַלט צוריק די ווערטער. באַסיני דערנענטערט זיך צום טיש, בלייבט שטיין. געדריקטע פּויזע)

בערנאַרד (צו באַסיניו)

זייט ווילקאָמען, מר. באַסיני. נעמט פּלאַץ... וועלן מיר פאַרברענגען —

באַסיני (האַקט אים איבער די רייד)

בין געקומען ניט פאַרברענגען...

(אַלע ביים טיש קוקן זיך איבער)

בערנאַרד

שאַמפּאַניער קומט, וועלן מיר טרינקען לחיים צום דערפאָלג פון אייער קאָנצערט.

באַסיני

דערפאָלג ?!.. המ... (צו מאַרטאָנען, סאַרקאַסטיש) און וואָס זאָגט מר. פולשיין, דער קריטיקער ?..

מאַרטאָן (שטאַמלט)

געוויס... נו, יאָ... דער קאָנצערט איז געווען אַ דערפאָלג, די אַלגע־מיינע מיינונג...

באַסיני (בייסיק)

און וואָס האָט איר געשריבן, מר. פולשיין ?..

מאַרטאָן

אַ ביסל קריטיקירט... יעס... די פּראָפעסיע... איר פאַרשטייט... די לעזער... מע מוז זיין אָביעקטיוו...

באַסיני (רייסט אים איבער, מיט פאַראַכטונג און צאָרן)

די פּראָפעסיע פאָדערט אַראָפּרייסן אַ קאָנצערט, וואָס מען האָט ניט בייגעוווינט ?..

מאַרטאָן (אין אַ טאָן פון פּראָטעסט)

וואָס זיינען דאָס פאַר אַ רייד ?!.. איר וועט זיך מוזן אַנטשולדיקן, מר. באַסיני !..

באַסיני

איך בין אינפאָרמירט, גאַנץ באַשטימט, אַז איר זייט אין זאַל ניט געווען, מר. קריטיקער.

**מאַרטאַן** (פּרובירט אָנהאַלטן מוט)

**שלעכטע אינפאָרמאַציע...**

**באַסיני**

**שלעכט פאַר אייך... איך גיב צו, אַז אַראָפּרייסן איז די פּריווילעגיע פון יעדן קריטיקער, צי שרייבט ער וועגן אַ בוך, אַ קונסט־אויסשטעלונג אָדער אַ קאָנצערט. אָבער ווען דער קריטיקער שרייבט וועגן אַ בוך, וואָס ער האָט ניט געלייענט, אַן אויסשטעלונג, וואָס ער האָט ניט געזען, אַ קאָנ־צערט, וואָס ער האָט ניט געהערט, — דאַן... דאַן איז דאָ איין באַלוינונג... דאָ האָט איר עס...**

(לאָזט אַראָפּ אויף מאַרטאַנס פּנים צוויי פּעטש, רעכטס און לינקס. בלייבט שטיין אין דערוואַרטונג. מאַרטאַן שפּרינגט אויף. פאַלט באַלד צוריק אין זיין שטול. רייבט זיך מיט די פינגער ביידע באַקן. אַדאָלף קומט אַן מיט אַ טאַץ גלעזער און אַ פלאַש, הויך אין דער האַנט. זעט צו די סצענע, בלייבט שטיין פון וויטן. ווי צו זיך)

**וואָס איז דאָס ?... אונערהערט !...**

(אָנגעצויגענע פּויזע)

**באַרבאַראַ** (אירע באַקן פלאַמען)

**מאַרטאַן !.. דיין ענטפער ?..**

**מאַרטאַן** (אָנשטעל פון מוט)

**וואָס ?.. איך וועל גיין אויף אַ דועל מיט אַ באַראַבאַנשטשיק ? !.. ס׳שטייט מיר ניט אָן...**

**באַסיני** (אַ מאַך מיט דער האַנט צו די געסט ביים טיש. אָפּגייענדיק).

**אַ ריוועדערטשי !**

(באַרבאַראַ שטעלט זיך אויף. מאַכט אַ באַוועגונג נאָכצוגיין באַסי־נין)

**מאַרטאַן** (שפּרינגט אויף)

**באַרבאַראַ ! וווהין גייסטו ?**

**באַרבאַראַ** (צו מאַרטאַנען)

**איך גיי ווו ס׳איז דאָ מוט... און דו... קוק זיך איין אין שפּיגל... אָן דאָרט...** (ווייזט אויפן שפּיגל, וואָס ביי דער טעלעפאָן־בודקע. מאַרטאַן

שטעלט אַ טריט אין דער ריכטונג צום שפּיגל. שטעלט זיך אָפּ. קערט זיך אוס. קוקט נאָך ווי באַרבאַראַ גייט אָפּ, נאָכפאָלגנדיק באַסיני)

אַדאָלף (צו מאַרטאַנען)

**מיסטער פּולשיין... דער שאַמפּאַניער ?..**

מאָרטאַן (ווי דערוואַכט פון אַ טראַנס)

**האַ ?... דער שאַמפּאַניער ?...** (גיט אַ מאַך מיט דער האַנט באַפעלעריש) **שטעל אים אויפן טיש !..**

(אַדאָלף שטעלט די פלאַש און די גלעזער אויפן טיש)

בערנאַרד (קוקט אויפן שאַמפּאַניער און די גלעזער. דאַן אין אַ זייט).

**יאָ... געוויס... לחיים אויף...** (האַקט אָפּ אין דער מיט)

דזשאָו (ווי צו זיך)

**זע... ניט אַלע מאָל גילט דער בלאָף... יאָ... דאָס איז נייעס...**

פאָרהאַנג

# פערטער אַקט

**אַ טאָג שפּעטער. פאַרנאַכט.**
**די זעלביקע אויסשטאַטונג ווי אין ערשטן אַקט. ש ר ה, אין ברילן, זיצט אויף אַ ווינגשטול. צירעוועט אַ זאָק, אונטער דער באַלייכטונג פון אַן עלעקטרישן לאָמפּ מיט אַן אַבאַזשור, וואָס געפינט זיך אויף אַ דערבייאיקן קליינעם טישל. ב ע ר נ אַ ר ד, אויף אַ שטול דערביי, לייענט אַ צייטונג.**

שרה

צערייסט מען דאָ זאָקן, אַ שרעק! מ׳קאָן דאָך בדיל הדל ווערן...

בערנאַרד

פון אַזעלכע קליינינקייטן ווערט מען ניט אָרעם אין אַ פאַרמעגלעך הויז.

שרה

ווו פאַרמעגלעך ?.. פון וואַנען זאָל סטאַיען, אַז דאָס ווייב ליגט אין די בערג, אין אַ רייכן האָטעל ?... אַ מאַן, אַ קינד אין דער היים — און שרייבט אַפילו ניט אַ בריוול... אַ שיינע ווירטשאַפט... הלוואי ס׳זאָל גוט זיין...

בערנאַרד

דו ביסט אייפערזיכטיק אויף דער שנור, שרה.

שרה

ווער איז אייפערזיכטיק ?... נאָר מ׳האָט דאָך אויגן... און העראַלד זעט גאָר ניט...

בערנאַרד

העראַלד איז פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. דער קאָפּ פאַרנומען מיט אַטאָ־מען...

שרה

געוויס. ער אַרבעט שווער. איז אויף אין די נעכט. זיצט ביים שרייב־

טיש מיט אַ קאַלטן האַנטעך אויפן קאָפּ. (קרעכצט) אַ צער אויף אים צו קוקן, אוי־אוי... און זי דאַרטן... כ׳וויל אויף מיינע ליפּן ניט ברענגען... יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? — האָסטו אפשר געזען באַרבאַראַן, מאַר־טאָנען?

בערנאַרד

געזען זיי נעכטן ביי נאַכט.

שרה

מאַרטאָן איז דאָ היינט געווען. זיך נאָכגעפרעגט אויף באַרבאַראַן — זי איז די לעצטע נאַכט ניט געקומען אַהיים שלאָפן, זאָגט ער. איז געווען שטאַרק צעטומלט.

בערנאַרד

ער האָט אַ גרונט עס צו זיין...

שרה

וואָס שוין ווידער?

בערנאַרד

ער איז אַן אומפאַראַנטוואָרטלעכער מענטש, דער מאַרטאָן, אָן אַ ליגן מאַכט ער נישט קיין שריט. ער האָט אַ גוטן שותף פאַר זיינע בלאָפס — דזשאָו. דער קעניג פון די בלאָפערס. אָבער אין דעם פאַל האָט דער שותף, גלייב איך, נישט דערלייגט קיין האַנט. און אפשר?... ווער ווייס?... ביי דעם געזינדל...

שרה

וואָס האָט פּאַסירט?

בערנאַרד

פּאַסירט האָט אָט וואָס. פּיטער באַסיני, דער פּיאַניסט, האָט געגעבן אַ קאָנצערט. נעמט מאַרטאָן, שרייבט אָן אַ קריטיק און רייסט אים שרעקלעך אַרונטער. וואָלט עס ניט אויסגעמאַכט. איז די מעשה די, אַז מאַרטאָן איז אַפילו נישט געווען אויפן קאָנצערט...

שרה

וואָס הייסט ניט געווען? ווי שרייבט מען עס איבער אַ זאַך, וואָס מ׳זעט ניט און מ׳הערט ניט?

### בערנאַרד

אויף מאַרטאַנען זאָלסטו קיין קשיות ניט פרעגן.

### שרה (טראַכט אַ רגע)

אָ, איך הייב אָן פאַרשטיין. דער פיאַניסט באַסיני איז דאָך דער, מיט וועמען באַרבאַראַ גייט לעצטנס אַרום... האָט עס מאַרטאַן געוויס געטאָן צוליב אייפערזוכט.

### בערנאַרד

מאַרטאַן אייפערזיכטיק ?!... ניטאָ וועך זאָל לאַכן!... ער איז מאָראַליש אַזוי ליידיק, אַז אייפערזוכט וועט ניט זוכן ביי אים קיין נעסט...

### שרה

מאַרטאַן איז אָבער געווען שטאַרק צעטראָגן וואָס באַרבאַראַ איז ניט געקומען אַהיים נעכטיקן.

### בערנאַרד

דו קאָנסט אַ סך וויסן פון וואָס מאַרטאַן איז צעטראָגן... געוויס אָפּגעטאָן נאָך אַ שפּיצל, וואָס שמעקט מיט אַ סקאַנדאַל, אויב די נעכטיקע לעקציע האָט אים ניט אויסגעטשוכעט...

### שרה

וואָס פאַר אַ לעקציע ? וואָס מיינט עס ?

### בערנאַרד

מיר זיינען געזעסן נעכטן אָוונט, אַ גרופּע פריינט, אין קאַפע „מעטראָפּאָל". באַרבאַראַ איז דאָרט געווען מיט איר פריינדין „די פאַריזערין". מאַרטאַן מיט זיין חבר דזשאָו זיינען אָנגעקומען אַ ביסל שפּעטער. גראָד האָט מאַרטאַן באַקומען גוטע נייעס — דער פּאָליטישן האָט צוריקגעצויגן די פאַרלוימדונג אָנקלאַגע. ער איז געווען אויפגעלייגט, מאַרטאַן. מ׳האָט געטאַנצט דעם „טוויסט"... איז אַריינגעקומען דער פּיאַניסט באַסיני — און פרעג שוין ניט וואָס ס׳האָט זיך פאַרלאָפן!... נאָר כ׳וויל וועגן דעם ניט ריידן... באַרבאַראַ האָט פאַרלאָזט די קאַפע צוזאַמען מיט באַסינין...

### שרה

און מאַרטאַן ?

בערנאַרד

מאַרטאַן האָט איר נאָכגערופן. אָבער איז געבליבן זיצן, דער העלד! געשטעלט נאָך שאַמפּאַניער...

העראַלד (קומט אַן פון דרויסן מיט אַ פּאָרטפעל אונטערן אָרעם, נעמט אַרויס פּאַפּירן, לייגט זיי אַוועק אויפן שרייבטיש, שטעלט אַוועק דעם פּאָרט־פעל אין אַ זייט. צו שרהן)

ניט געווען קיין טעלעפאָן פון פּאַטרישאַ, מאַ?

שרה

ניט געווען.

העראַלד

וואָס קאָן דאָס זיין?... כ׳האָב טעלעפאָנירט אין האָטעל אין די בערג, האָט מען מיר געזאָגט, אַז מרס. שפּיצבערג איז ניטאָ אין איר צימער... געוויס אַרויס אויף אַ שפּאַציר... האָב איך איבערגעלאָזט פאַר איר אַ וואָרט, מיר צו טעלעפאָנירן אַהער אין הויז.

שרה

געוויס פאַרנומען —

העראַלד

אָבער אַ גאַנצע וואָך פון איר ניט געהערט... אַפילו ניט קיין קאַרטל...

שרה

זיי ניט באַזאָרגט, העראַלד. וועסט נאָך הערן פון איר. פון אַ ווייב הערט מען.

העראַלד (צו בערנאַרדן)

וואָס הערט מען ביי דיר, אַנקל? יאָ, איך האָב געלייענט אין צייטונג, אַז מאַרטאַן איז פריי פון דער באַשולדיקונג.

בערנאַרד

פון איין פאַרלוימדונג אַרויס, אין אַ צווייטער אריין... נאָר צו קיין פּראָצעס איז דאָס מאָל ניט געקומען. ס׳איז געקומען צו עפּעס אַנדערש... מאַרטאַן האָט אָנגעשריבן אַ רעצענזיע וועגן דעם פּיאַניסט באַסיניס קאָנ־

צערט און שאַרף אים אָראָפּגעריסן, ניט האָבנדיק בייגעווויַנט דעם קאָנ־צערט —

הערלאָד (דערשטויינט)

קאָן ניט זיין!.. אויף אַזאַ זאַך איז ער פעאיק, דער אידעם מיינער?!

בערנאַרד

דער סוף איז ניט קיין „העפּי ענד"... ס'איז דערגאַנגען צו פּעטש...

הערלאָד

פּעטש?! ווער — וועמען?

בערנאַרד (מיט אַ לייכטן סאַרקאַסטישן שמייכל)

פאַרשטייט זיך, אַז באַסיני מאַרטאַנען...

הערלאָד

ער האָט עס כשר פאַרדינט... ווו האָט עס פּאַסירט?

בערנאַרד

אין קאַפע „מעטראָפּאָל".

הערלאָד

אַן אָפענער סקאַנדאַל! און דאָס אַלץ דאַרף טרעפן מיך!... נעמט שפּרייזן איבערן צימער) איך האָב געזאָגט זאָרג אָן דעם... פּאַטרישאַ... כ'פאַרשטיי זי ניט...

שרה

דאָ איז היינט געווען מאַרטאַן. ער האָט געזוכט באַרבאַראַן... זי איז ניט געקומען אַהיים נעכטיקן...

הערלאָד

וואָס האָט מיט איר פּאַסירט?

שרה

בערנאַרד האָט דיר נישט דערציילט אַלץ... נאָך דעם סקאַנדאַל איז באַרבאַראַ אַרויס פון קאַפע מיט דעם פּיאַניסט...

הערלאָד

מיט דעם פּיאַניסט?!... וואָס מיינט עס?... מען וועט מיך רואינירן!...

באַרבאַראַ (טרעט איין פון לינקס, גייט צו צום פאָטער)

העלאָו, פאַ!

הערשלד

אָ, באַרבאַראַ!.. ווו ביסטו געווען?

באַרבאַראַ

געשלאָפן אין אַ האָטעל...

הערשלד

אין אַ האָטעל גאָר?! דו האָסט דאָך אַ היים.

באַרבאַראַ

איך האָב ניט מער קיין היים... איך וויל ניט זיין מער מיט מאָרטאָנען — גענוג!... איך גיי אים פאַרקלאָגן פאַר שיידונג און אַלימאָני.

הערשלד

האָסטו גוט באַטראַכט דיין שריט, באַרבאַראַ?

באַרבאַראַ

יאָ. עס וועט שוין אַנדערש ניט זיין...

הערשלד

און וואָס גייסטו טאָן?

באַרבאַראַ

איך טראַכט צו נעמען זיך צו אַן אַרבעט.

הערשלד

דו האָסט דאָך ניט קיין פאַך. געגאַנגען אין יאָר אין קאָלעדזש און באַלד חתונה געהאַט.

באַרבאַראַ

כ'טראַכט צו נעמען אַ קורס אַלס סעקרעטאַרשע, אָדער עפּעס ענלעכס.

הערשלד

גוט — גוט אויב דאָס איז דיין ווילן... געוויס, מ'דאַרף אַרבעטן... ליידיק אַרומגיין איז ניט געזונט... טעג אָן אַרבעט לאָזט דעם מענטש אָן אַ שאָטן.

באַרבאַראַ

דערווייל, פּאַ, דאַרף איך האָבן געלט פאַרן אַדוואָקאַט דורכצופירן אין געריכט דעם גט.

העראָלד (פאַרקלערט. קוקט אין חלל)

יעס... געוויס... כ׳וועל דיר העלפן מיט וואָס איך קאָן, מיין קינד...

באַרבאַראַ

און דער קאָמערץ־קורס וועט אויך קאָסטן געלט...

העראָלד

געלט... כ׳פאַרשטיי... (האָרכט זיך איין) האַ ?.. קלינגט ניט דער טעלעפאָן ?..

באַרבאַראַ

ניין, פאַ.

העראָלד

און מיר האָט זיך געדוכט, אַז —

באַרבאַראַ

דו ביסט מיד, פאַ.

העראָלד

געוויס... ס׳איז שווער... אַלץ איז שווער...

באַרבאַראַ

דו דאַרפסט זיך אויסרוען. נעמען אַ וואַקאַציע, פאַ...

העראָלד

ניטאָ קיין צייט... די אַרבעט... דאָס הויז...

באַרבאַראַ

זאָרג ניט, פאַ. ס׳וועט אַלץ זיין גוט. איך וועל זיך איינאָרדענען... ווערן זעלבשטענדיק. אָבער איצט פיל איך זיך מיד. מוז נעמען אַ קליינע וואַקאַציע... אַרויספאָרן אין די בערג...

העראָלד (ווי אין אַ טראַנס)

מיד... געוויס... אַלע זיינען מיד... גאָט און די וועלט... אַלע דאַרפן וואַקאַציע... אַרויספאָרן אין די בערג... איידער זיי ווערן אויפגעריסן... דורך מענטשלעכע הענט... מיינע הענט... (באַקוקט זיינע הענט. די אויגן שטוינען) זיינען דאָס מיינע הענט ?.. בלוט ?!.. ניין !..

באַרבאַראַ (דערשראָקן)

פּאַ !..

העראַלד (דערוואַכט ווי פון אַ קאָשמאַר)

האַ ?... וואָס ?... יעס... די מאַמע... אין די בערג... שווייגט... פאַר צו דיין מוטער, באַרבאַראַ !...

באַרבאַראַ

ווען קומט מאַ אַהיים ?

העראַלד

שווייגט... ניט געהערט פון איר די גאַנצע צייט...

באַרבאַראַ

איכל גיין איר טעלעפאָנירן. זי דאַרף וויסן מיין באַשלוס... כ׳דאַרף אויך עפּעס פון מיינע פאַרבליבענע זאַכן אין מיין צימער, וואָס די מאַמע באַנוצט איצט. (לאָזט זיך גיין צו דער צווייטער טיר רעכטס)

שרה (שטעלט זיך אויף)

כ׳וועל דיר אַרויסהעלפן, באַרבאַראַ. איך האָב דיינע זאַכן אָפּגעהיט. ב׳וויים ווו יעדעס ברעקל געפינט זיך. ווער דען וועט עס טאָן, אַז ניט די באָבע ?.. (אָפּ מיט באַרבאַראַן)

העראַלד (קוקט אויף דער טיר, דורך וועלכער באַרבאַראַ איז אַרויס. צו בערנאַרדן)

איך קוק אויף דער טיר און טראַכט — ווי לאַנג איז ווי באַרבאַראַ איז פון דעם צימער אַרויס, אין איר חופּה־קלייד, און געגאַנגען צו איר התונה ?... קוים אַ יאָר... פּאַטרישאַ האָט באַלד פאַרנומען דאָס צימער... ס׳איז געזינטער ווען מאַן און ווייב האָבן באַזונדערע צימערן, האָט זי געזאָגט... און איצט, ווען פּאַטרישאַ איז ניטאָ... אַוועק אין די בערג, איז באַרבאַראַ ווידער אין דעם צימער... זי וועט אים געוויס דאַרפן פאַר זיך אַליין... און פּאַטרישאַ ?... הם... כ׳הער ניט פון איר...

בערנאַרד

ס׳וועט געוויס, זיכער, אַלץ אויסגיין צום גוטן, העראַלד.

העראַלד

אַ דאַנק, אָנקל, פאַר דיין טרייסט, דיין אָפּטימיזם... נאָר עס שפּאַלט

**דער קאָפּ...** (קוקט אויף דער טיר פון סימאָרס צימער) **אָט איז נאָך אַ טיר — סימאָר... ער זוכט אַן אויסגאַנג און ווייס נאָך אַליין ניט וווהין ער גייט... ווער האָט דערוואַרט, אַז דער באַי וועט מיר פאַרשאַפן זאָרג! אַ בריליאַנ־טענער קאָפּ — זיך איינגעשפּאַרט: ער וויל ניט קיין פיזיק, קיין מאַטע־מאַטיק... און די צייט איז קורץ. מ׳דאַרף באַשליסן וואָס... אויסקלייבן אַן אוניווערזיטעט... איך האָב היינט מיט אים געהאַט אַן ערנסטן געשפּרעך. קאָן פון אים ניט אַרויסקריגן קיין קלאָרע תשובה... פאַרשפּראָכן, אַז נאָך היינט וועט ער מיר זאָגן זיין באַשלוס. אַזוי דרייען זיך די טירן אין מיין הויז...** שווער, אָנקל, שווער...

בערנאַרד

**כ׳וועל אַרויסגיין קויפן אַן אָוונט־צייטונג.** (אָפּ לינקס)

(הערעלד בלייבט זיצן. קוקט אַריין אין די פּאַפּירן אויפן טיש. קורצע פּויזע)

מאַרטאַן (קומט אַן פון לינקס, זעט אויס צעטראָגן)

**העלאָו, פּאַ!**

הערעלד

**אָ, דו, מאַרטאַן! נעם אַ שטול. איך וויל מיט דיר ריידן.**

מאַרטאַן

**כ׳האָב ניט קיין געדולד צו זיצן, פּאַ... ס׳טרייבט מיך... נאָר כ׳בין גרייט צו הערן...**

הערעלד (געלאַסן)

**איך, הער, דו האָסט געהאַט אַ זיג, מאַרטאַן —**

מאַרטאַן

**אַ זיג?! הם... דו מיינסט דעם פּאָליטישן? געוויס. זיך דערשראָקן און צוריקגעצויגן די אָנקלאַגע...**

הערעלד

**און וואָס האָט דיך באַוויגן צו שרייבן, אַז דער פּאָליטישן איז פאַר־מישט אין אַ געלט־שווינדל?**

מאַרטאַן

**אַ רעפּאָרטער דאַרף שרייבן וואָס ער ווייס... דעם אמת...**

העראָלד

פון וואַנען האָסטו געוווּסט, אַז דאָס איז אמת?

מאַרטאַן

פון וואַנען — ווער געדענקט?... אָ, יאָ... מיין פריינט דזשאָו, דער פּאָבליסיטי־אַגענט, האָט מיר דערציילט, פאַרזיכערט, אַז ס׳איז אמת... מיך צוגערעדט עס צו שרייבן.

העראָלד

דאַרף מען אַלץ שרייבן וואָס אַ פּאָבליסיטי־אַגענט זאָגט דיר. ס׳האָט דאָך געקאָנט זיין ערנסט...

מאַרטאַן (שפּרייזנדיק אומרואיק איבערן צימער)

געקאָנט זיין — געוויס... נאָר פאַר מיר איז דאָס אַן אָפּגעטראָגענער בגד... מיר, צייטונגס־לייט, לעבן ניט מיטן נעכטן... דער היינט — אָט וואָס איז אונדזער שפּייז! נאָר פאַר דזשאָון הייבט זיך ערשט אָן... ער האָט מיט אַ ווײַלע צוריק מיר טעלעפאָנירט, אַז ער האָט צרות. דער קאָנגרעס־קאַנדידאַט פון דער צווייטער פּאַרטיי, פאַר וועמען ער האָט געשריבן פּאָבליסיטי און די קאַמפּעין־רעדעס, איז אויף אים אויפגעבראַכט... ער האָט אים פאַרפירט, זאָגט ער, מיט אַ רעדע... אַריינגעשריבן אַ פאַרלוימדונג אויף דעם קעגן־קאַנדידאַט. נו, סטראַשעט יענער מיט אַ פּראָצעס... און דאָס איז געווען דזשאָוס אַרבעט... ער באַצאָלט פאַר דעם — פאַרלאָרן דעם פּאָבליסיטי־דזשאַב.

העראָלד

מיט ליגנס, בלאָף, און קרומע וועגן קאָן מען ווייט ניט גיין, מאַרטאַן...

מאַרטאַן

כ׳מיין אויך אַזוי...

העראָלד (העכערט זיין קול)

און די מעשה מיט באַסיניס פּיאַנאָ־קאָנצערט?..

מאַרטאַן

אָ! דאָס איז גאָרניט...

העראָלד

ביסטו געווען אויפן קאָנצערט?..

מאַרטאַן (בלייבט שטיין, ווי פון עפּעס געטראָפן)

גענויס געוועזן... נאָר ווער קאָן אויסזיצן אַ גאַנצן קאָנצערט פון צ׳
באַראַבאַנשטשיק? קוים אויסגעהערט אַ נומער — און אַוועק!

**הערעלד**

און געשריבן האָסטו וועגן גאַנצן קאָנצערט —

**מאַרטאַן**

אַז מ׳הערט איין נומער באַסיניס, האָט מען געהערט דאָס גאַנצע...
(ס׳דערהערט זיך אַ שאָרך פון צווייטן צימער רעכטס. ער שפּיצט אָן זי
אויערן) ווער איז דאָרט — באַרבאַראַ?..

**הערעלד**

זי טעלעפאָנירט דער מוטער... נעמט עפּעס פון אירע זאַכן...

**מאַרטאַן**

איך מוז מיט איר ריידן!

**הערעלד**

שטער איר ניט! זי וועט באַלד אַרויסקומען.

מאַרטאַן (אויפגעמונטערט)

נעמט און אַנטלויפט — וואָס האָב איך איר געטאָן?..

**הערעלד**

ס׳איז ניט אין מיין נאַטור זיך צו מישן אין פאַמיליע־זאַכן, אפילו ווען
דאָס רירט אָן מיין אייגן קינד. נאָר כ׳מוז דיר זאָגן, מאַרטאַן, דו פירסט
זיך אויף ניט גוט... דערפירסט צו פּראָצעסן, סקאַנדאַלן... דאָס רירט
אויך אָן מיין כבוד... שעדיקסט מיין גוטן נאָמען. דאַרפסט עס וויסן.

**מאַרטאַן**

וואָס רעדסטו, פּאַ? איך האַלט דיין כבוד טייער. כ׳שווער —

**הערעלד**

דער סקאַנדאַל נעכטן אין קאַפע... ס׳וועט געוויס ניט בלייבן קיין סוד...

בערנאַרד (באַווייזט זיך אין טיר לינקס, מיט אַ צייטונג אין האַנט. הערט
די לעצטע ווערטער)

**אַזוי ווי דו זאָגסט, הערעלד** (דערנענטערט זיך צום טיש. וויל דער־

לאַנגען הערּאַלדן די ציַיטונג) **אַט דאָס בלעטל האָט צעשמירט דעם נעכטיקן סקאַנדאַל אין קאַפע „מעטראָפּאָל“ אויף אַ גאַנצער זיַיט. די גרעסטע סענסאַציע פון טאָג. ווילסט עס לייענען?**

הערּאָלד (וואַרפט צוריק די צייטונג)

**און מיַין נאָמען ווערט געוויס אויך דערמאָנט?**

בערנאַרד

**פאַרשטייט זיך...**

הערּאָלד (צו מאַרטאַן)

**אַזוי היטסטו אָפּ מיַין כבוד, מאַרטאַן?**

מאַרטאַן

**דער רעפּאָרטער, וואָס האָט דאָס געשריבן, איז דער גרעסטער סענ־סאַציע־צעשמירער. איך וועל זיך מיט אים אָפּרעכענען. דו קאָנסט נעמען מיַין וואָרט פאַר דעם, פּאַ.**

הערּאָלד

**ס׳איז דיַין רעפּאָרטערישע וועלט. אָבער צו וואָס מיך אַריַינשלעפּן אין דער בלאָטע? —**

(באַרבאַראַ און שרה קומען אַרויס פון צווייטן צימער רעכטס. באַרבאַראַ האַלט אַ קליינעם טשעמאָדאַן אין האַנט, וואָס זי שטעלט אַוועק ביַי דער טיר. שרה, מיט אַ קליינעם פּעקל אויפן אָרעם, זעצט זיך אויף איר שטול)

באַרבאַרא (ווי ניט זעענדיק מאַרטאַנען. צום פאָטער)

**איך האָב גערעדט מיט מאַ. זי זאָגט, אַז זי ווייס ניט ווען זי וועט קומען אַהיים... כ׳פאַרשטיי ניט פאַר וואָס...**

מאַרטאַן (נעמט זיך אָן מיט מוט)

**איך וויל מיט דיר ריידן, באַרבאַראַ...**

באַרבאַרא (קוקט ניט אויף אים)

**ניט מיט מיר...**

מאַרטאַן

**איך וויל דו זאָלסט קומען אַהיים.**

באַרבאַרא

מיין היים איז ניט ביי דיר...

מאַרטאַן (אויפגערעגט)

ביי וועמען דען ?... ביי באַסיני ?..

באַרבאַרא

ניט דיינע ביזנעס !..

מאַרטאַן

ווילסט נאָך מאַכן דעם סקאַנדאַל גרעסער ?..

באַרבאַרא

האָסט אים געמאַכט גענוג גרויס...

(עס קלינגט ביים אַריינגאַנג־טיר. בערנאַרד עפנט די טיר און נעמט אָפּ אַ בריוו פון אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און צייכנט אונטער אַ קבלה)

בערנאַרד (באַטראַכט דעם אַדרעס)

עס איז פאַר דיר, העראַלד. רעגיסטרירט... עקספּרעס... וויכטיק געווויס... (גיט איבער דעם בריוו העראַלדן).

העראַלד (באַקוקט דעם קאָנווערט מיט קאָנטיקער נערוועזיטעט)

פון אַן אַדוואָקאַט ?!.. צו מיר ?!.. וואָס עפּעס ?.. (עפנט דעם בריוו, לייענט מיט שטייגנדיקער אויפרעגונג. שטעלט זיך אויף) האַ ?.. וואָס איז דאָס ?!... אומגלויבלעך !... אַ גט ?!... פּאַטרישאַ קלאָגט מיך אָן אויף אַ גט !.. איר הערט ?!.. צום שטוינען !.. צום לאַכן... (זיין געזיכט פאַרקרימט זיך אין אַ גרימאַסע) און הערט ווערטער ! דער אַדוואָקאַט שרייבט (לייענט אַרויס פון בריוו) „מיסעס פּאַטרישאַ שפּיצבערג, אייער פרוי, האָט מיך באַפולמעכטיקט אייך אָנצוקלאָגן אויף אַ גט, אויף דעם גרונט, וואָס איר זענט איר אומטריי —״ (איבעררייסט דאָס לייענען. שפּרייזט איבערן צימער, האַלטנדיק זיך ביים קאָפּ) מ׳קאָן דאָך אַראָפּ פון זינען !.. איך ?!... איך בין אומטריי פּאַטרישאַן ?!.. זייט ווען ?.. מאַ ! דו הערסט ?.. הערט אַלע !..

שרה

באַרואיק זיך, העראַלד. ס׳איז מסתמא גאָרניט...

העראַלד (שטעלט זיך אָפּ אין מיטן צימער. לייענט ווייטער דעם בריוו)

„— אויב איר, פּראָפעסאָר העראַלד שפּיצבערג, זענט גרייט זיך צו דערקלערן פאַרן ריכטער אין אומטרייהייט צו אייער פרוי פּאַטרישאַ, וועט די אָנקלאַגע פאַר אַ גט דערלאַנגט ווערן אין אַ לאָקאַלן געריכט' (רייסט איבער דאָס לייענען, שפּרייזט איבערן צימער מיט שווערע טריט, זיין קול דונערט און רייסט זיך איבער) איך, דער נוקלעאַר־פּראָפעסאָר העראַלד שפּיצבערג, זאָל קומען אין געריכט און דערקלערן פאַרן ריכטער, פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז איך האָב געליבטע הינטערן רוקן פון מיין פרוי?!.. אַלץ דערפאַר, ווייל פּאַטרישאַ — נו, איך וויל ניט ריידן... (שטעלט זיך אָפּ און הערט ווייטער!) (לייענט) „— אין פאַל, ווען איר זאָגט זיך אָפּ צו באַשטעטיקן די באַשולדיקונג אין אומטרייהייט, דאַן וועט די אָנקלאַגע מוזן געמאַכט ווערן אין אַן אַנדער אָרט. מעגלעך אין לאַס וועיגאַס. דעמאָלט וועט די אָנקלאַגע מוזן זיין „ברוטאַלע באַהאַנדלונג" (שליידערט דעם בריוו אויפן דיל. שפּרייזט און דונערט) חוצפּה!.. שאַנטאַזש!.. איך האָב ברוטאַל באַהאַנדלט פּאַטרישאַן?!.. (שטעלט זיך אָפּ. צו דער מוטער) מאַמע! דו ביסט דאָך אַן עדות... וואָס זאָגסטו, מאַ? זאָג עפּעס!..

שרה (ווישט זיך די אויגן).

וואָס קאָן איך זאָגן, מיין זון?

בערנאַרד (צו הע ראַ לד ן)

העראַלד, פאַרשטיי... דאָס איז דאָך די געוויינלעכע, אָנגענומענע פּראָצעדור פאַר אַ גט־פּראָצעס. אין איין סטייט אַזאַ נוסח, אין אַ צווייטן סטייט אַן אַנדער נוסח. נעם עס ניט בוכשטעבלעך.

העראַלד (אין קענטיקער פאַרלאָרנקייט)

אָבער איך מוז דאָך קומען אין געריכט... זיך דערנידעריקן... מאַכן אויף זיך אַליין אַ בלבול... און ווען אַפילו ניט, וועלן די צייטונגען זיין פול מיט דעם... (לאַכט סאַרקאַסטיש) כע... שיינע פּאַבליסיטי פאַר דעם פּראָפעסאָר פון נוקלעאַר־פיזיק!.. וואָס האָב איך דערגרייכט מיט מיין וויסנשאַפט?.. מיט מיינע פאָרשונגען?.. יאָ! ס'איז אפשר לייכטער צו שפּאַלטן אַטאָמען ווי צו פאַרשטיין אַ פרוי... (כאַפּט זיך ביים קאָפּ) דער קאָפּ צערייסט מיר אין שטיקער!.. געוואַלד! וווּהין וועט עס מיך טרייבן?!.. אויף דער

**גאַס אַרויס?!... צו בעטלברויט?!.. צו דזשימי?!.. אָ, ניין! דאָס טאָר ניט געשען!...** (טרעט צו צום שרייבטיש. לייגט אַרויף ביידע הענט אויף די פּאַפּירן) **דאָ ליגט מיין אַרבעט... דאָס טאָר ניט בלייבן אין מיטן!.. אַ לעבן קאָן איבערגעריסן ווערן, אָבער ניט קיין אַרבעט** (זינקט אין זיין שטול)

(לאַנגע דריקנדיקע פּויזע)

מאַרטאַן (צו באַרבאַראַן)

**אפשר קומסטו מיט מיר אַהיים?... איצט...**

באַרבאַראַ קערט אָפּ דעם קאָפּ)

**אַ שיינער מאָמענט...** (און גלייך מאַרטאַנען אין פּנים) **אידיאָט!..**

מאַרטאַן (שמייכלט צופרידן, רייבט זיך די הענט)

**כע־כע־כע...**

בערנאַרד (צו העראַלדן)

**איך האָב היינט געלייענט אַ נאָטיץ אין דער צייטונג, אַז ד״ר פיליפּ מענקוס, דער באַרימטער פרויען־ספּעציאַליסט, האָט אָנגעקלאָגט זיין פרוי אויף אַ גט.**

העראַלד הייבט אויף דעם קאָפּ)

**דאָקטאָר מענקוס?!... דאָס איז דאָך פּאַטרישאַס דאָקטאָר...** (פאַרטראַכט זיך) **הם... אַ צופאַל...** (ווי צו זיך) **אין איין טאָג...** (הויך) **אַזוי איז עס. אַ שיכור, אַ פּראָפעסאָר, קומט עס צו דער פרוי — איין שיקזאַל...**

סימאָר (קומט אַרויס פון זיין צימער. טרעט צו צום פאָטער)

**פּאַ! איך האָב שוין באַשלאָסן... אויף זיכער...**

העראַלד (קוקט אויף אים צערטלעך)

**וואָס, סימאָר?**

סימאָר (פעסט אַנטשלאָסן)

**איך פאָר קיין ישראל... אַריינטרעטן אין אַ קיבוץ... אַרבעטן...**

העראַלד (ציילט די ווערטער. ווי צו זיך)

**ישראל... קיבוץ... אַרבעטן...** (הייבט אויף דעם קאָפּ) **קום אַהער נענטער, סימאָר!** (סימאָר טרעט צו נאָענט צום פאָטער, וועלכער לייגט אַרויף זיין

אָרעם אויפֿן זונס אַקסל) **דו ווילסט אַרבעטן אין ישראל... דו האָסט געפֿונען דיין וועג... גוט, סימאָר... זייער גוט... פֿאָר, מיין קינד!... און נעם מיט גאָטס ברכה און אויך דיין פֿאָטערס.** (דריקט זיין זון צו זיין ברוסט און קושט אים אין קאָפּ)

(סימאָר טרעט אָפּ פֿון פֿאָטער. בלייבט שטיין אין מיטן צימער. ווי וואַרטנדיק אויף עפּעס)

**שרה** (הייבט זיך אויף פֿון שטול, גייט צו צו סימאָרן, גיט אים אַ קוש אין שטערן)

**סימאָר, מיין קינד!.. דו פֿאָרסט קיין ארץ־ישראל, נעם מיך מיט!..**
(זי ווישט זיך די אויגן)

**פֿאָרהאַנג**

# שטיינדלעך אויף און איינדזל

דראַמע אין 2 אַקטן, 6 בילדער

## פּערזאָנען

פּראָפעסאָר

פאַבריקאַנט

אַ גרושה

פּאָעט

מאָלער

עליזא, דעם פּראָפעסאָרס טאָכטער

אָרט: אַ קליין אָזערע־אינדזל אין אַ צפון־שטאַט פון אַמעריקע.

צייט: די איצטיקע.

# ערשטער אקט

## בילד איינס

אַ זומער־קאָלאָניע פון דאַטשניקעס אויף אַ קליין אָזערע־אינדזל. דרויסן, שיינע לאַנדשאַפט. עטלעכע קאַבינעס אין הינטערגרונט. לינקס, אויף אַ טעראַסע פון אַ קאַבינע, אויף אַ וויגשטול, זיצט דער פּראָפעסאָר, אַן עלטערער מאַן מיט אַ שפּיציק גרוי בערדל. עטלעכע גרויע, שיטערע, שפּיציקע האָר פאַרשטעלן קוים אַ גרויסן פּליך. טראָגט זונגלעזער, וועלכע ער נעמט פון צייט צו צייט אַראָפּ און אַרויף. אַ געלבלעך העמד מיט קורצע אַרבל. ווייסע הויזן. סאַנדאַלן. אויף אַ טישל דערנעבן ליגט אַ געעפנט בוך. רעכטס, נאָענט, אַ ווינקל פון אַ צווייטער קאַבינע מיט אַ טעראַסע, אויף וועלכער עס זיצט דער פאַבריקאַנט. ער איז אַרום די פופציק. פול פּנים. לייכטע זומער־קליידער. ס׳איז פאַר מיטאָג.

**פּראָפעסאָר** (ווי צו זיך)

וואָס מער זון אין די גלידער! וואָס מער — אָט גייט זי אונטער און מאָרגן קאָן זי שוין ניט זיין.

**פאַבריקאַנט**

פאַר וועמען?

**פּראָפעסאָר**

פאַר מיר (טראַכט אַ ווײַלע) אַזוי גוט ווי פאַר אַלעמען.

**פאַבריקאַנט**

מיינט עס צו זאָגן, איר פאַרטרעט די גאַנצע מענטשהייט?

**פּראָפעסאָר**

יעדער מענטש איז קודם אין זיך און פאַר זיך די גאַנצע מענטשהייט.

(פויזע)

פאַבריקאַנט

אַ גוטע דעפיניציע פאַר עגאָיזם.

פּראָפעסאָר

די טרייבקראַפט פאַר עקזיסטענץ. עגאָ — אָט וואָס ציילט זיך. שוין פיכטע האָט געלערנט, אַז צוערשט איז געווען דער „איך". אַלץ, וואָס מיר זעען, איז די פּרוכט פון אָט דעם מיסטעריעזן פינטל „איך", וועלכער איז אָפט אַזוי פּראָזאַיש.

פאַבריקאַנט

פילאָזאָפיע... מיסטיק... קענטיק, איר זענט פּראָפעסאָר פון די זאַכן?

פּראָפעסאָר

מיין הויפּט־באַשעפטיקונג איז סאָציאָלאָגיע, מענטשלעכע באַציונגען. וואָס מער איך האָב געלערנט, אַלץ מער איז די געזעלשאַפט געוואָרן צע־שפּליטערט, די באַציונגען מער פיינטלעך. מיינע תלמידים זיינען זיך צעלאָפן, און איך בין פאַרבליבן מיט מיינע פאַר האָר אויפן קאָפּ (נעמט אָן מיט דריי פינגער דאָס ביסל האָר אויפן קאָפּ).

פאַבריקאַנט

אייער גאַנץ פאַרמעגן?

פּראָפעסאָר

פאַרמאָגט אַ מאָל מער, פיל מער — צערונען, אַוועק מיטן וואַסער, מיטן רויך. (אַ באַוועגונג מיט דער האַנט אין דער לופט) אויף אַלע זייטן... ניין, ס'וועט שוין ניט צוריקקומען. עד־עד (בלייבט פאַרזונקען אין אומעט)

פאַבריקאַנט

מיר זיינען דאָ שכנים שוין עטלעכע וואָכן. איך קיין מאָל ניט געזען אין אַזאַ שווערער שטימונג, פּראָפעסאָר.

פּראָפעסאָר

אַזוי איז עס, ס'דריקט, דריקט, ביז עס קומט אַ מאָמענט, ווען ס'גיסט זיך אַרויס, אַריבער —

פאַבריקאַנט

מען קאָן באַגרייפן.

פּראָפעסאָר

אין שפּאַס האָט איר געפרעגט, אויב דאָס ביסל האָר אויף מיין קאָפּ איז מיין גאַנץ פאַרמעגן. נו, איר האָט געטראָפן. וואָס איר זעט — אַ זכר פון פיל מער, דער סימבאָל פון — (אונטערברעכט זיך אַליין. פאַרצווייפלטע האַנט־באַוועגונג) נאַ, אַרויסגעוואָרפן!

פאַבריקאַנט

וואָס דריקט אייך אַזוי, פּראָפעסאָר, דאַרף איך פרעגן?

פּראָפעסאָר (הייבט אָן שטיל. ביסלעכווייז ווערט זיין קול שאַרפער)

געהאַט אַ מאָל אַ פרוי, האָט זי מיך שטאַרק ליב געהאַט. אַזוי שטאַרק, אַז נאָך פינף און צוואַנציק יאָר ליבע איז זי אַוועק לעבן מיט אַ קצב־גזלן, יינגער פון איר מיט אַ יאָר צוואַנציק. אַ זון מיט אַ טאָכטער. איז דער זון אַוועק מיט דער רעוואָלוציע, געהאָלפן צעשפּליטערן די געזעלשאַפט, אין וועלכער איך האָב מיין גאַנץ לעבן געשטרעבט אַריינטראָגן אַ טאָלק מיט מיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק. בין איך ביי מיין זון דער אַלטער נאַר. און די טאָכטער, (זיפצט אָפּ) נו, יאָ זי איז אַוועק העלפן דער קונסט. זיך פאַר־ליבט אין אַן אָרעמען מאָלער, אַ פאָטער פון פיר קינדער. אַ ווייל, נאַיווו קינד. געהאַט, קענטיק, אַנטוישונג אין פאָטער. און געוויס אויך אין דער מוטער. אָט אַזוי בין איך מיט זיך אַליין. מיין גאַנצע וועלט. ווען ניט די זון, וואָלט איך פאַרפראָרן געוואָרן. אָ, ווען מען קאָן מיטנעמען אַ ביסל זון אויף יענער זייט — דאָרטן!...

פאַבריקאַנט (שפּאַסיק)

ווען יעדער איינער זאָל מיטנעמען אַ שטיקל זון הינטער דעם וואָלקנ־דיקן פאָרהאַנג, וואָס וועט בלייבן פאַר די לעבעדיקע?

פּראָפעסאָר

גערעכט. די זון איז געגעבן געוואָרן פאַר דער ערד און די ערד פאַר די מענטשן. דער הימל פאַר גאָט. נאָר וואָס האָט ער דאָרטן צוגעגרייט פאַר אונדז, שטערבלעכע?

פאַבריקאַנט

אָנגענומען: דעם גהינום און דעם גן־עדן.

פּראָפעסאָר

צום גיהנום שטייען מיר נענטער. עס ציט דער מענטשהייט צו אים זינט אייביקע צייטן. ניט אומזיסט הערן ניט אויף דיכטער און פּריידיקער אים צו שילדערן אין ברייטע, פייערדיקע פאַרבן, אַז ער איז געוואָרן ממש די צווייטע טיר אונדזערע —

פאַבריקאַנט

און דער גן־עדן?

פּראָפעסאָר

יעדער וויל אין אים אַריין, נאָר ווייניק טוען עפּעס זיך צו פאַרדינען זיין הכנסת אורחים. דער מענטש, בטבע, זוכט דעם גן־עדן אויף דער וועלט, ניט מערקנדיק אָפט, אַז ער צעשטערט אים מיט זיינע אייגענע הענט.

פאַבריקאַנט

דאַרף מען דעם מענטשן אויפקלערן, אים ווייזן דעם וועג.

פּראָפעסאָר

דער אייביקער סאָציאַלער פּראָבלעם. אים שטודירט, געפאָרשט, אָנגעוויזן די וועגן צו אַ בעסערער געזעלשאַפט. נאָר וואָס העלפט עס, אַז דאָס אַלץ איז אַוועק מיטן רויך פון דער רעוואָלוציע (זיפצט אָפּ).

פאַבריקאַנט

אַ שטאַרקער רויך, מען מוז צוגעבן. אַזוי איז קענטיק דער אומפאַרמיידלעכער וועג פון אַלע גרויסע רעוואָלוציעס. דער וועג צו פּראָגרעס.

פּראָפעסאָר

אומפאַרמיידלעך, וויל איבעראיילט. עוואָלוציע — דאָס איז דער וועג. און וואָס שייך רויך, גיהנום, פּורגאַטאָריע אַלס די שטאַפּלען צו פּראָגרעס, וויל איך אייך אָנווייזן אויף אַ שיינעם געדאַנק ביי דאַנטע, וואָס לויכט אַרויס פון זיין „געטלעכע קאָמעדיע". ווירגיל, דער גרויסער רוימישער דיכטער, איז דער, וואָס פירט דאַנטען דורך ניין מדורות פון גיהנום און דורך דער פּורגאַטאָריע. אָבער ביים טויער פון גן־עדן בלייבט ווירגיל שטיין. ווייטער, אין גן־עדן, ווערט דאַנטע באַגלייט פון בעאַטריצע, דאָס מיידל, וועמען ער האָט שטערבלעך ליב געהאַט. וואָס מיינט

עס ? — ווירגיל ביי דאַנטע שטעלט מיט זיך פֿאַר דעם מענטשלעכן פֿאַרשטאַנד. און אָט דער פֿאַרשטאַנד איז ניט בכוח צו גיין ווייטער ווי דורכן גיהנום און פֿורגאַטאָריע. אויף צו דערגרייכן העכערע צילן, דעם גן־עדן, איז פֿאַרשטאַנד, טרוקענע לאָגיק, ניט גענוג. מען מוז פֿאַרמאָגן געטלעכע ליבע. און דאָס, ליידער, זעט זיך קוים.

פֿאַבריקאַנט (ווי צו זיך)

מיסטיק — סימבאָל — יאָ, עפּעס אין דעם...

פּראָפֿעסאָר

דער גרויסער פֿלאָרענטינער דיכטער איז געווען אויך אַ פּראַקטישער פּאָליטיקער. אָט דאָס איז זיין נביאישע וואָרענונג צו אונדז שטערבלעכע אויף אייביקע דורות.

פֿאַבריקאַנט

איך וועל זיין מיט אייך אָפֿנהאַרציק. אויך איך בין געגאַנגען מיט דער רעוואָלוציע. איך האָב ניט פֿאַרמאַכט מיין פֿאַבריק און אַוועק קעמפֿן אויף די באַריקאַדן. ניין, דאָס ניט. איך האָב מיר געלעבט ווייטער אין מיין באַקוועמלעכקייט. איך האָב געהאָלפֿן מיט געלט, מיט מיין וואָרט. (פּויזע) נו, יאָ, געשעענישן... צווייפֿל — אַנטוישונג — האָב עס אָפּן ניט אַרויסגעוויזן. מען שעמט זיך פֿאַר זיך אַליין. מען וויל ניט בלייבן קיין נאַר. גיי איך ווייטער מיט דער רעוואָלוציע, וואָס פֿון דעם איז נאָך פֿאַרבליבן. אַזוי פֿיל יאָר אַ גייסטיקער אָנהאַלט, אַן אידעאַל, קאָן מען עס דאָך ניט איבער נאַכט אַריינוואַרפֿן אין מויל פֿון דער רעאַקציע.

פּראָפֿעסאָר

מיר איז באַקאַנט אָט די מענטשלעכע שוואַכקייט. אָבער מיט קלאַמערן זיך ווייטער אין די שפּליטערס פֿון צעבראָכענע געטער פֿאַרמערט מען בלויז מענטשלעכע ליידן — דאָ ווי דאָרט. נאָר מיט אָנערקענען אָפֿן אַ טעות מאַכט מען פֿריי דעם וועג פֿאַר פּראָגרעס. איר פֿאַרהאַלט פּראָגרעס, מיין הער.

גרושה

(קומט אַן פֿון רעכטס. זי איז אַריבער מיטליעריק. פֿולער קערפּער. פּנים שטאַרק געשמינקט. האָר געפֿאַרבט שרייענדיק־בלאָנד. ווו ניט ווו קוקט

אַרויס אַ ניט־דערפּאַרבטע גרויע האָר. לייכט זומער־קלייד פון ראָזעווען קאָליר. טיפער דעקאָלטע. אַ „קעיפּ" איבער די שולטער. פּאַכעט קאָקעט מיט אַ פעכער איבערן פנים און ברוסט. בלייבט שטיין)

**דזשענטלמען, האָט איר ניט געזען פאַרביילויפן מיין פּיפּי?**

פאַבריקאַנט

**ווער איז אייער פּיפּי, — מאַדאַם?**

גרושה

**ווי? איר קענט ניט מיין פּיפּי?! די גאַנצע זומער־קאָלאָניע, דער גאַנצער אינדזל קען אים. דאָס איז מיין הינטל. אַ ווייסער פּודעל מיט אַ שוואַרצן רונדן שנויץ.**

פאַבריקאַנט

**ניין, ניט געזען.**

גרושה

**אָט אַזוי האָב איך צרות פון אים. איך מוז שטענדיק אַרומלויפן אים זוכן.**

פּראָפעסאָר

**האַלט מען אַ הונט אויף אַ קייט.**

גרושה

**פּיפּי איז מיין „פּעט", מיין ליבלינג. שטענדיק אין מיין סאַלאָן אָדער שלאָפצימער. איך האָב אין דער היים, אין מיין ווילע, נאָך צוויי הינט. געפּער־לעכע חיות. זיי האַלט איך שוין אויפן קייט.**

פאַבריקאַנט

**אַ ליבהאָבערין פון הינט, ווי איך זע.**

גרושה

**אָ, זייער געטרייע חיות, געטרייער ווי מענטשן. און דאָך האָבן הינט אַ שלעכטן נאָמען. אַן עוולה. אמת, אָפט האָט מען פון זיי אומאָנגענעמלעכ־קייטן, זיי בילן ווען מען דאַרף ניט, באַפאַלן אומשולדיקע פאַרבייגייער, שרעקן איבער קינדער, בייסן... און דערנאָך אַ לאָדעניש אין געריכט, צאָלן**

שטראָף, זעט איר, קעץ — זײ זײנען שטילע באַשעפענישן, פון זײ האָט מען ניט קײן צרות, זײ בילן ניט —

פּראָפעסאָר

הײנטיקע צײטן וואָלט טאַקע געפּאַסט, אַז קעץ זאָלן בילן און הינט מיאַוקען. אַז מענטשן בײַטן זיך מיט די ראָלן, פאַר וואָס נישט שטוב־חיות ?..

גרושה

איך האָב אין דער הײם זעקס קעץ. געקליבענע, מיט אַ פײנעם „פּע־דיגרי״. ווען איך שעם זיך ניט, לאָז איך איבער אַ טײל פון מײן ירושה פאַר די דרײ הינט און זעקס קעץ. פאַר די, וועלכע וועלן מיך איבערלעבן —

פאַבריקאַנט

איר מוזט האָבן אַ רײכע ירושה, אַז איר טראַכט פון דעם.

גרושה

ניט צו פאַרזינדיקן. מײן פאָטער האָט מיר איבערגעלאָזט אַ ירושה — נו, מען האַלט מיך פאַר אַ מיליאָנערשע — און פון מײן מאַן האָב איך אויך באַקומען אַ היבשע סומע.

פאַבריקאַנט

איר זענט געשײדן ?

גרושה

געגט. מײן מאַן איז געוועזן שטאַרק אײפערזיכטיק. ער האָט געזאָגט, אַז איך שענק צו פיל אויפמערקזאַמקײט די הינט און די קעץ — און אויך די יונגע קינסטלער, — פּאָעטן, מאָלער, מוזיקער, פאַר וועמען מײן הויז איז שטענדיק אָפן. נו, האָב איך אים געהײסן גײן. ער האָט סײ ווי שוין געהאַט אַן אַנדערע געליבטע, אַ כאָריסטקע, אַ מאָדעל־מײדל — ווײסט אים דער טײוול !

פּאָעט (קומט אַן פון לינקס. פראַנצויזיש בערדל. טראָגט אַ גרינעם סאַמעטענעם ראָק, אַ רויט זומער־העמד, אָפן בײם האַלדז. גרויע הויזן, ברוינע שיך, אָן אַ הוט. אַ בוך אונטערן אָרעם)

העלאָ, מײנע הערן ! דאָ זעט מען מענטשן.

פראָפעסאָר

פון וואַנען אַ יונגערמאַן ?

פאָעט

דאָס אָרט, פון וואַנען איך קום, איז קיין מאָל ניט באַשטימט. איך בין זיכער בלויז, וווהין איך גיי —

פראָפעסאָר

קענען די ריכטונג, זיין צילבאַוווסט, איז די העכסטע מענטשלעכע דערגרייכונג. וווהין גייט אַ יונגערמאַן ?

פאָעט

ניט צו דערלייזן די מענטשהייט. דאָס טוען אַנדערע, און שלעכט. איך גיי דערלייזן די קונסט, די פּאָעזיע, פון קלאַסישן שימל. מיר דאַרפן נייע האָריזאָנטן, נייע קלאַנגען. אָט אַזעלכע (דעקלאַמירט)

די זון גייט אויף אין מזרח,
די וועלט פאַרגייט אין מערב —

פראָפעסאָר

די ערשטע שורה איז, גלייב איך, ניט ניי. די זון איז נאָך קיין מאָל ניט אויפגעגאַנגען פון אַן אַנדער זייט. און די צווייטע — „די וועלט פאַר־גייט אין מערב״ — נו, אָט דעם מאָטיוו געפינען מיר שוין ביי אָסוואַלד שפּענגלער. ניט קיין דיכטער.

פאָעט

דאָס נייע דאַרף מען זוכן אין דעם קלאַנג, ריטעם, פאָרעם, וואָס דער דיכטער געברויכט.

פראָפעסאָר

נו, דאָס אַליין מאַכט נאָך ניט דיכטונג, ווען אָן אינהאַלט.

פאָעט

איך קען אייער וועלט־אַנשויונג, הער פראָפעסאָר. די סאָציאַלע, ווי די קינסטלערישע. בין געווען אַ מאָל אויף דער אוניווערזיטעט אייערער אַ צוהערער.

פראָפעסאָר

און פון מיר אַוועק צו דער רעוואָלוציע, ווי געוויינלעך ? —

פּאָעט

ניין. געזעלשאַפטלעכע רעוואָלוציעס אינטערעסירן מיך ניט. איך האָב אַן אייגענע וועלט, וואָס פּאָדערט אַ רעוואָלוציע. אין דער ליטעראַטור, פּאָעזיע —

פּראָפעסאָר

מיינט עס, אַז איר רעוואָלטירט קעגן די קלאַסיקער? קעגן אַ האָמער, האָראַציוס, אָדער גאָר קעגן דער ביבל?

פּאָעט

אָפּגעלעבטע קלאַנגען. די ערשטע צוויי — נו, דאָס איז אַ פּאָעזיע פאַר ליטעראַטור־פּראָפעסאָרן, פאַר קריטיקער מיט אַ חוש פאַר קברים. פון אָט דעם שימל ווערן זייערע נאָזלעכער פאַרשטאָפּט, אומפעאיק צו באַנעמען דאָס נייע. און די ביבל — יאָ, געוויס, זי פאַרמאָגט פּאָעזיע. אָבער זאָלן מיט איר זיך פאַרנעמען טעאָלאָגן, פריידיקער אין די קירכעס. מיר, מאָדערנע דיכטער, שאַפן די אמתע פּאָעזיע, פאַר איצט און אַלע צייטן.

פּראָפעסאָר

אַ רעוואָלוציאָנערער פאַרמעסט אויף צו צעברעכן אַלטע ווערטן איז עס זיכער. כ׳בין נייגעריק זיך צו באַקענען מיט די נייע שאַפונגען.

פּאָעט (נעמט אַרויס דאָס בוך פון אונטערן אָרעם און לייגט אויף דעם אַרויף די האַנט)

אָט דאָס איז מיין ניי בוך לידער. נאָר וואָס דערשינען. אין יעדער בוכהאַנדלונג פאַר פינף דאָלער... נו, עס וועט דעם נאָבעל־פּרייז ניט באַקומען. צו אָריגינעל פאַר די קאָנווענציאָנעלע ריכטער דאָרטן.

פּראָפעסאָר

שאַפט איר שולע, הער פּאָעט?

פּאָעט

שולע נאָך ניט — דאָס וועט קומען מיט דער צייט. פאַר אונדז, מאָדערניסטן, איז נאָך גוט די שולע פון עזרא פּאונד.

פּראָפעסאָר (שפּרינגט שיער אויף פון זיין וויגשטול)

עזרא פּאונד?! אָט דער, וועמען מען האָט אַריינגעזעצט אין דולהויז?!

פּאָעט

דער גרעסטער דיכטער, וואָס אַמעריקע האָט ווען אַרויסגעגעבן. ער האָט אונדז, יונגע, געוויזן דעם וועג פון דער נייער דיכטונג. און אַזאַ זשעני זעצט מען אַריין אין דולהויז! אַ סקאַנדאַל!

פּראָפעסאָר

אויף וויפל איך ווייס, האָט מען אים ניט אַריינגעזעצט פאַר זיין פּאָע־זיע, כאָטש פאַר דעם, מעגלעך, האָט מען עס אויך געמעגט טאָן... ער האָט באַקומען זיין שטראָף פאַר פאַרראַט צו זיין פאָטערלאַנד אין דער צייט פון קריג.

פּאָעט

— פאַרראַט! — אַלץ רופט מען ביי אונדז פאַרראַט. ער האָט געהאַנדלט, ווי ער האָט געפילט. ליצענציאַ פּאָעטיקאַ — דאָס קאָנט איר, פּראָפעסאָרן, פּאָליטיקער, קליינבירגער, ניט פאַרשטיין.

פּראָפעסאָר

צו וואָס אַריבער אין אַ יורידישער דיסקוסיע, ווען מען האַלט ביי פּאָעזיע?

פּאָעט

גערעכט. נאָר ס׳פאַרדריסט. אַ שאַנדע פאַר אַמעריקע. איר גרעסטן זשעני געשיקט אין דולהויז! און דאָך האָט ער באַקומען דעם קאָנגרעס לייברערי־פּרייז פאַר זיין פּאָעזיע. נאָך דאָ ביי אונדז מענטשן, וואָס קאָנען אָפּשאַצן אַ געניאַלן דיכטער.

פאַבריקאַנט

אייער עזרא פאונד איז דאָך אַן אָפענער פאַשיסט. געגאַנגען מיט מוסאָלינין.

פּאָעט

פאַשיסט! — נאָך אַ שרעק־וואָרט, וואָס קיינער ווייס ניט זיין באַטייט. אַ דיכטער האָט דאָס רעכט צו גיין מיט וועמען ער וויל, טאָן, האַנדלען ווי ער וויל. אפילו האָבן אַ טוץ געליבטע אין איין צייט.

גרושה (צום פאַבריקאַנט, אין אַ זייט)

ווי שיין ער רעדט! נאָר פּאָעטן קאָנען אַזוי שיין ריידן.

**פראָפעסאָר**

**נו, בנוגע פרויען האָבן דיכטער אַלע מאָל געהאַט די אַזוי גערופענע ליצענציאַ פאָעטיקאַ. אָפּט אַ ביסל צו פיל. —**

(מ אָ ל ע ר און ע ל ז אַ קומען אַן פון רעכטס. ביידע לײכט, זומער־דיק געקליידט. דער מ אָ ל ע ר טראָגט מיט זיך מאָלער־געצייג. שטעלט אַוועק ט׳געשטעל און לייוונט. נעמט דעם פענדזל אין האַנט)

**מאָלער** (צו עלזאַ)

**פון דעם אָרט שפּרייט זיך אַ שיינע לאַנדשאַפט. איך וועל פון דאַנען מאָלן. ווי דענקסטו?**

**עלזאַ**

**ווי דו פילסט** (קוקט זיך אַרום. דערזעט דעם פּאָעטער. רופט אויס ווי אין שרעק, בלײבנדיק שטיין פון ווייטן) **— פּאָ! —**

**פראָפעסאָר** (שטעלט זיך אויף)

**עלזאַ! —**

**פּאָעט** (צו זיך)

**אַ נייע געשטאַלט — אינטערעסאַנט...**

**פ א ר ה א נ ג**

## בילד צוויי

נאָכמיטאָג פון זעלביקן טאָג. דעם פּראָפעסאָרס אַרבעט־צימער אין דער קאַבינע. סאָפע, שרייבטיש, אַ פּאָר שטולן. עטלעכע ביכער צעוואָרפן דאָ און דאָרט. אַ טיר פון דרויסן. אַ צווייטע טיר צום שלאָפצימער. פּראָפעסאָר און עליזאַ זיצן ביים טיש.

פּראָפעסאָר
עליזאַ, שוין דריי יאָר ווי דו ביסט אַוועק פון הויז. די גאַנצע צייט ביסט געלאָזט פון זיך הערן.

עליזאַ (די הענט אין שויס, דעם קאָפּ געזונקען)
כ'האָב ניט געהאַט וואָס מיטצוטיילן —

פּראָפעסאָר
אַזוי גרוי איז געגאַנגען דיין לעבן? ניט פרייד, ניט לייד, צו טיילן זיך מיטן פאָטער?

עליזאַ
איך האָב געליבט — געהאָפט — און געליטן... איך מוז מודה זיין, פּאַ.

פּראָפעסאָר
שיקט מען אַ וואָרט. בין איך דיר געוואָרן אַזוי פרעמד?

עליזאַ
איך האָב ניט געקאָנט. ווען די מוטער האָט פאַרלאָזט דאָס הויז, האָב איך געמוזט אַוועק. ס'איז מיר אַלץ געוואָרן פרעמד, פיינטלעך... איך האָב געזוכט אַ וואַרעם ווינקעלע. אַן אָנהאַלט — אַנטלויפן! איין געדאַנק האָט געעקבערט... מיך געטריבן...

פראָפעסאָר

און דאָס אַלץ האָסטו געפונען ביים מאָלער ?

עלזאַ

איך בין געווען פאַרליבט. אַזוי האָב איך, ווייניקסטנס, געגלייבט. פאַר־ליבט אין דעם מענטש, אין זיין קונסט. געגלייבט, אים צו קאָנען העלפן אין זיין שאַפן, שטייגן.

פראָפעסאָר

וואָס האָסטו דערגרייכט, עלזאַ ?

עלזאַ

מיט דער צייט איז געקומען געוויסנסביסן. צוגענומען אַ מאַן פון אַ פרוי, אַ פאָטער פון פיר קינדער. מיט מיין ליבע איז זיין שאַפן ניט געוואָרן רייכער, זיין נאָמען ניט גרעסער. ער אַליין האָט געוואָלט גלייבן, אַז יאָ. מיך אויך פרובירט באַווירקן מיט זיין ענטוזיאַזם. די גרויע ווירקלעכקייט איז אָבער געווען שטאַרקער. זיינע אויסשטעלונגען זיינען פון די קונסט־קריטיקער אויפגענומען געוואָרן קאַלט, לעבלעך, צייטנווייז אַפילו שאַרף קריטיש, פיינטלעך. די עקאָנאָמישע לאַגע אַ שווערע, אַ פיינלעכע. ער האָט געדאַרפט שטיצן זיין פרוי, די קינדער. בין איך געגאַנגען אַרבעטן, אים אַרויסצוהעלפן עקאָנאָמיש, אויב איך האָב ניט געקאָנט דערגרייכן עפעס העכערס...

פראָפעסאָר

און דעם וועג צום פאָטערס הויז האָסטו אַלץ ניט געוואָלט געפינען ?

עלזאַ

איך האָב זיך אי געשעמט און אי — איך קאָן עס דיר ניט דערקלערן, פאַ. וואָס מער צייט עס איז פאַרגאַנגען, אַלץ שווערער איז מיר געוואָרן דער וועג צוריק. מען ווערט פאַרטרונקען אין ליבע, פאַנטאַזיע. אין זוכן און טראַכטן... גרויע טעג און רוישיקע נעכט... מען זוכט הילף אין אַ שאַרפן געטראַנק... אין דעם רויך, אין דעם אַש פון די לעצטע ברעקלעך פון אויסגעזויגענע ציגאַרעטלעך. מען כאַפּט זיך אויף אין דער פרי מיט אַ מיגרענע — פוסט, גרוי, קאַלט. און ווידער אַ טאָג מיט אַ נאַכט, ווי דער לעצטער.

פּראָפעסאָר

איך זע, מיין קינד, דו ביסט אומגליקלעך. איך וויל דיר העלפן. דו מוזסט אַרויס צוריק אויף אַ נאָרמאַלן וועג. אַזוי לאַנג ווי עס ווערט ניט שפּעט. קום צו מיר. דו קאָנסט באַגייען דיין שטודיום. זיך אויסקלויבן אַ נוצלעכע פּראָפעסיע.

עלזאַ

איך האָב אָפט וועגן דעם געטראַכט. ס׳האָט מיר געפעלט ווילן זיך אַרויסצורייסן. וואָס ווייטער, אַלץ שווערער. און דאָ, די מוטער...

פּראָפעסאָר (באַהערשט אַן אויפרעגונג)

זעסטו זי ווען?

עלזאַ

די ערשטע צייט ווייניק. דערנאָך האָט זי מיך גענומען באַזוכן אָפטער און אָפטער. איר איז אויך ניט גוט. זי האָט ניט געזאָגט, אַז זי האָט חרטה אויף איר שריט. זי האָט אַלץ גערעדט נאָר וועגן דיר — זיך באַקלאָגט, אַז דו האָסט איר קיין מאָל ניט געשאָנקען די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט... פאַרזונקען שטענדיק אין דיינע ביכער. ניט געהאַט קיין ליבע פאַר איר. ס׳איז איר געוואָרן ענג. זי האָט געמוזט אַרויס, אַנטלויפן...

פּראָפעסאָר

געמוזט?.. און מיט אָט־דעם קצב־יונג?!

עלזאַ

מע דאַרף קאָנען פאַרשטיין אַ פרוי. די מוטער זאָגט, אַז דו האָסט זי קיין מאָל ניט פאַרשטאַנען.

פּראָפעסאָר

די פילאָזאָפן און סאָציאָלאָגן פון דער וועלט פאַרשטיי איך יאָ — דיין מוטער ניט?!

עלזאַ

פרויען טראַכטן ניט פון פילאָזאָפיע. זיי האָבן זייער אייגענע וועלט...

פּראָפעסאָר

איך ווייס. פרויען־פּסיכאָלאָגיע איז מיר ניט פרעמד. די פּראַקטיק לערנט. מיר, פילאָזאָפן און סאָציאָלאָגן, האָבן אַ מאָל געגלייבט, אַז מיר

וויסן אָנצווייזן דער פרוי איר פּלאַץ אין דער היינטיקער געזעלשאַפט. נאָר מיר האָבן זיך גענאַרט. די מאָדערנע פרוי מאַכט צו נישט אַלע אונ־דזערע טעאָריעס. זי קומט נישט צו אונדז נאָך אַן עצה, ווען עפּעס האָט זיך איבערגעשרויפט אין איר נערוון־סיסטעם, ווען עפּעס שטימט ניט אין איר פאַמיליע־לעבן. נאָר זי לויפט צו די פּסיכיאַטאָרס, אָדער גאָר צו די זנאַכערס און טרעפערס.

## עליזאַ

דאָס רעדט אין דיר פאַרביטערונג, אַנטוישונג. איך ווייס, דיר איז ניט גוט. דו ביסט אַליין, פאַרלאָזן. דו זוכסט אָנהאַלט אין רייד, וועלכע זיינען דיר אין האַרצן פרעמד, יאָ, קעגן דיינע פאָרשונגען און איבערצייגונגען. (זי שטעלט זיך אויף) זאָג, פּאַ, ווערט דען דיר לייכטער פון זוכן פעלערן ביי יענעם? פון נעמען איינצלנע פאַלן און בויען פון דעם גאַנצע טעאָ־ריעס? עס רעדט פון דיר אַרויס באַליידיקונג. איך פיל עס, פּאַ.

**פראָפעסאָר** (שטעלט זיך אויף, מאַכט עטלעכע שריט איבערן צימער און דאַן, אָנשפּאַרנדיק זיך אין טיש)

ווען מען האָט אַ לעבן לאַנג שטודירט, געפאָרשט, געאַרבעט, געגלייבט צו האָבן געפונען אַ סאָציאַלע פּאַנאַסעאַ פאַר דער געזעלשאַפט, געוואָרן באַרימט אַלס גרויסער סאָציאָלאָג, סטודענטן פון אַלע עקן וועלט זיינען געקומען הערן דיינע לעקציעס, — און פּלוצלינג ווערט דאָס אַלץ צעשמע־טערט דורך אַ מענטשלעכן ציקלאָן, אַן ערדציטערניש, פון לינקס און פון רעכטס... דו זעסט אַ וועלט מענטשן האַלטן זיך ביי די גאָרגלען... מען פּרובירט איינריידן, זיך און יענעם, אַז מיט דעם וועט מען שאַפן אַ נייע מענטשהייט, אַז מיט בלוטיקע הענט וועט מען בויען דעם טעמפּל פון פרידן און סאָציאַלער גערעכטיקייט... קאָשמאַר נאָך קאָשמאַר! און אונטער דיין אייגענעם דאַך — נו, יאָ, דער אייגענער זון טרעט אַרויס קעגן זיין פאָטער. און דאַן די פרוי... דו דערזעסט פּלוצלינג, אַז דיין גאַנץ לעבן איז זי דיר געווען פרעמד. דיין גאַנצע געלערנטקייט, דיין וויסנשאַפט, דיין אַרבעט, — דאָס אַלץ איז איר נישט אָנגעגאַנגען. יאָ, שטאָלצירט מיט דיין נאָמען, ווען ס'האָט איר געפּאַסט... און צו דעם אַלעם — די טאָכטער פאַרלאָזט דיין הויז, גייט אַוועק מיט אַ צווייפלהאַפטן קינסטלער. אַלץ

**פאַרלאָרן, אַלץ פאַרשפּילט — ווי ווילסטו זאָל איך זיך פילן, עלזאַ?!**
(פאַלט אויף זיין שטול מיט זינקנדיקן קאָפּ)

עלזאַ (לייגט די האַנט אויפן פאָטערס קאָפּ)

**באַרואיק זיך, פאַ. ווער ניט אויפגערעגט. איך זע, דו האָסט זיך פיל פאַרעלטערט. גרוי, ווייס... דיינע הענט ציטערן ביים ריידן. איך וויל דיר העלפן מיט וואָס איך קאָן. דיך ניט לאָזן מער זיין אַזוי איינזאַם. און די מוטער — איר איז אויך ניט גוט...**

פּראָפעסאָר

**ווען האָסטו זי געזען? וואָס טוט זי?**

עלזאַ

**זי איז איצט אַליין. דער בחור האָט זי פאַרלאָזן. שוין אַ יאָר צייט. זי גייט אַרבעטן, זיך צו דערנערן. ליידער, קאָן איך איר ניט העלפן.**

פּראָפעסאָר

**אַזוי... איך האָב עס דערוואַרט.**

עלזאַ

**די מוטער האָט עס מיר ניט געזאָגט, נאָר איך פאַרשטיי, אַז זי וואָלט וועלן קומען צוריק אַהיים — ווען דו זאָלסט איר פאַרגעבן —**

פּראָפעסאָר

**פאַרגעבן?... כע — צעבראָכן אַ לעבן און פאַרגיב!**

(פּאָעט און מאָלער טרעטן איין)

פּאָעט (ברייטלעך, מיט אַ לייכטן, טייוולשן שמייכל)

**הער פּראָפעסאָר, לאָמיר אייך פאָרשטעלן אַ מאָלער, דער גרעסטער קינסטלער פון אונדזער צייט... אפשר פון אַלע צייטן...**

פּראָפעסאָר (צום מאָלער)

**דאָס זענט איר דער פריינט פון מיין טאָכטער?**

מאָלער

**איר פריינט און באַשיצער.**

פּראָפעסאָר

**מיט אָפּגעהאַקטע פליגל?..**

עלזאַ

פּאַ, דו רעגסט זיך אויף —

מאָלער

עלזאַ איז די פּערזאָן, וואָס איך האָב מיין גאַנץ לעבן געזוכט צו באַ־גייסטערן מיך אין מיין קונסט, העלפן אין מיין שאַפן...

פּראָפעסאָר

און וואָס האָט איר געגעבן עלזאָן אויסער זאָרג וועגן אייער פרוי און קינדער?

מאָלער

מיין ליבע... מיין איבערגעגעבנקייט... מיין קונסט — וואָס נאָך האָב איך איר געקאָנט געבן?

פּאָעט

צו וואָס וואַרפן ווערטער מיטן ווינט! מיר, קינסטלער, טוען וואָס אונדז געפעלט, וואָס ס׳איז גוט פאַר אונדזער קונסט... קיינער דאַרף אונדז ניט אַריינריידן.

פּראָפעסאָר (צום פּאָעט)

וועמעס אַדוואָקאַט זענט איר?

פּאָעט

דער אַדוואָקאַט פון קונסט און פרייהייט... (צו עלזאָן) דאָ שטיקט די לופט... הייס.. מען שטיקט זיך נאָך מיט ווערטער... דער דרויסן אַזוי שיין — ווילט איר, עלזאַ, אַרויסגיין צום ברעג אָזערע? אַ שפּאַציר? זיך באָדן? זיך אָפּקילן?

עלזאַ

דאָס איז אַ גוטע אידייע. איך גיי... (צום מאָלער) גייסט מיט?

פּראָפעסאָר

דער מאָלער בלייבט דאָ. כ׳האָב מיט אים נאָך וואָס צו ריידן.

עלזאַ (ווי אין אַ זייט)

ניט צו שטרענג, פּאַ.

ל. קוסמאַן

פראָפעסאָר

אונ דו זאָם זיך ניט, עלזאַ.

(פאָעט און עלזאַ אָפּ. פּראָפעסאָר און מאַלער פאָלגן זיי נאָך מיט די בליקן)

פראָפעסאָר

דער פּאָעט געפעלט מיר ניט.

מאָלער

אָנשטעל. מעגאַלאָמאַניע.

פראָפעסאָר

געפערלעכע סימפּטאָמען.

מאָלער (צערודערט. קוקט אַרויס דורכן פענצטער)

איך גלייב אויך אַזוי...

פאָרהאַנג

## בילד דריי

דער זעלביקער נאָכמיטאָג. אַ פּאָר שעה שפּעטער.ביים אָזערע־ברעג. באָד־אָרט. פּ אָ ע ט און ע ל ז אַ זיצן אויף לאַנגע לייוונטענע שטולן, האַלב אויסגעצויגן, אין באָד־קאָסטיומען, לאַנגע רעק איבער די שולטער. ע ל ז אַ אין זונגלעזער.

עלזא

פאַר וואָס גייט איר ניט אַריין אין וואַסער ? איך בין שוין געווען צוויי מאָל.

פּאָעט

איך האָב ליב צו זען ווי אַנדערע באָדן זיך.

עלזא

איר שווימט ?

פּאָעט

ניט אין וואַסער. דאָס קאָן יעדער קוטשער. די קונסט איז צו קענען שווימען אויף דער יבשה.

עלזא

איך האָב נאָך אַזאַ קונסט ניט געזען.

פּאָעט

נו, ניט בוכשטעבלעך, עלזאַ. כ׳מיין שווימען אין לעבן... אין דער קונסט, פּאָעזיע...

עלזא

יאָ, געוויס איז עס אַ קונסט, ווען מען ווערט ניט דערטרונקען און מען דערגרייכט אַ ברעג.

ל. קוסמאַן

פּאָעט

ברעג ! — דער חלום פון אַלע פּיליסטערס. די אמתע קונסט זוכט ניט צו דערגרייכן אַ ברעג, נאָר שווימען ווייטער און ווייטער אָן אַן אָפּ־שטעל. אין דעם איז פּאָעזיע, לעבן, שוווּנג...

עלזאַ

כ'מיין, אַז קונסט דאַרף שטרעבן צו אַ ברעג, אַ ציל. מען קאָן דאָך אייביק ניט שווימען און זיך צאַפּלען אויפן וואַסער — לעבן, ווי איר רופט עס.

פּאָעט

דו רעדסט מיר צו פּראָזאַיש, עלזאַ. אַ פּרוי ביי דער זייט פון אַ קינ־סטלער — נו, דו האַלטסט דאָך דיין פריינט פאַר אַ קינסטלער — דאַרף פילן און טראַכטן אַנדערש. זיך ניט האַלטן ביי אָפּגעדראָשענע מיינונגען, אין דער קונסט איז די אידייע, שוווּנג, — דער עיקר. זוכט אַ קינסטלער אַ ברעג, אַזוי איז זיין קונסט פאַרלאָרן. די קלאַסיקער האָבן געזוכט אַ ברעג, תכלית. נו, ניט אומזיסט זיינען זיי היינט אַזוי טוכלע, פאַרשימלט — אין דער פּאָעזיע ווי אין דער מאָלעריי.

עלזאַ

אין דער פּאָעזיע פאַרשטיי איך זיך ניט פיל. אָבער אין מאָלעריי — נו, איר ווילט דאָך ניט זאָגן, אַז אַ קלאַסיקער ווי רעמבראַנדט, וואַן גאָך, זיינען פאַרשימלט ?

פּאָעט

רעמבראַנדט יאָ. וואַן גאָך איז עפּעס אַנדערש. ער איז ניט קיין קלאַסיקער. ער איז דער פאָטער פון אַ נייער, מאָדערנער ריכטונג אין דער קונסט. נו, יאָ, איך האָב געזען די בילדער פון דיין פריינט. וואָס זאָל איך דיר זאָגן ? — ער איז פון די אַלטע ניט אַוועק און צו די נייע ניט דער־גאַנגען. ער וויל זיין, זאָגט ער, אַ נעאָ־קלאַסיקער. ער וויל — זיינע כוחות סטאַיען ניט צו מאַכן איין שריט פאָרויס. ער הענגט אין דער לופטן, דיין פריינט, אין אַ וואָלקן... דו — ווייס בעסער דעם אמת. גיי אַוועק פון אים...

עלזאַ (קוקט אים אָן ליבלעך)

איר זענט צו שאַרף אין אייער קריטיק. איך קאָן ניט נאָכהאַלטן אייער שווימען, דיכטער וואָס איר זייט !..

פאָעט (נעמט אָן עלזאַס האַנט)

קום מיט מיר, עלזאַ!.. איך וועל דיר ווייזן דעם וועג צו אַ נייער וועלט — אַ וועלט פון פּאָעזיע, קלאַנגען, האָריזאָנטן... דו ביסט יונג, דו ביסט שיין. דו גייסט פאַרלאָרן ביי דער זייט פון דעם שמירער —

עלזאַ (ציט אַרויס איר האַנט)

איך בעט איך, באַליידיקט ניט מיין פריינט. איך ווייס זיינע מעגלעכ־קייטן. ער קעמפט. ער זוכט. ער איז אַליין מיט זיך אויך ניט צופרידן. ער איז אומגליקלעך.

פאָעט

די בעסטע צייט אים צו פאַרלאָזן.

(גרושה און פאַבריקאַנט קומען אָן, זי פירט אַ הינטל אויף אַ קייטל)

גרושה

מיין פיפי — איר זעט? איך מוז אים שוין פירן אויף אַ קייטל. ער ווערט יעדע רגע פאַרשוווּנדן. אָט דער הער (ווייזט אויפן פאַבריקאַנט) האָט אים פאַר מיר אויפגעזוכט. בין איך אים דאַנקבאַר.

פאָעט

אויף הינט מוז מען אויפפּאַסן. זיי האָבן אַ מענטשלעכע טבע: זיי אַנטלויפן. אָבער זיי קומען קריק. דער מענטש — ניט אַזוי זיכער...

גרושה

ריכטיק. איך זע, איר קענט מענטשן.

פאָעט

דאָס איז מיין ספּעציאַליטעט.

פאַבריקאַנט (צום פאָעט)

און די נאַטור פון הינט קענט איר אויך?

פאָעט

נו, אויף דעם דאַרף מען ניט זיין קיין ספּעציאַליסט. אין מיין פּאָעזיע מאַך איך אָפט פאַרגלייכונגען צווישן הונט און מענטש. איך מוז מודה זיין, אַז דער ערשטער האָט אָפט ביי מיר דעם פאָרטייל.

פאַבריקאַנט

איבער וועמען ?

פּאָעט

איבער דעם מין מענטש. אָט טראַכט איך צו גלייך מיט קהלת: דער מענטש האָט אַ גייסט, אַ נשמה, און די בהמה האָט עס אויך. פאַר וואָס זאָל דער מענטש, מעג ער זיין דער גרעסטער פאַרברעכער, האָבן אַ יענע וועלט, זאָל עס זיין דער גיהנום, און פאַר וואָס זאָל אַזאַ טריי באַשעפעניש ווי דער הונט ענדיקן זיין לעבן דאָ, ביי אונדזערע פיס ?... ווען גאָט פאָלגט מיך, גרייט ער דאָרטן צו אַ הינטישן גן־עדן... איך גלייב, אַז ניט איין מענטש וואָלט געזוכט דאָרטן אַריינצוקומען (וואַרפט אַ בליק אויף דער גרושה)

פאַבריקאַנט (אין אויפרעגונג)

איר פאַרגייט אַ ביסל צו ווייט מיט אייער פילאָזאָפיע, הער פּאָעט. איך, זע, אַז ציניזם איז ביי אייך צייטפאַרטרייב.

פּאָעט

און גאָר ניט קיין שלעכטער —

גרושה (מיט באַגייסטערונג)

ניין. דער פּאָעט איז גערעכט. אָפט קוק איך אין די קלוגע אויגן פון מיין פּיפּי און טראַכט אויך אַזוי. אַ קלוגער מאַן געוועזן דער קהלת. אויב מיין פּיפּי האָט אַ נשמה, גיי איך אים איבערלאָזן אַ טייל פון מיין ירושה.

פּאָעט

נו, ירושה פאַר אַ הונט איז אַ ביסל צו פיל. דאָס קאָן שוין פאַרנוצט ווערן אויף נוצלעכערע זאַכן...

גרושה

דאָס וועל איך נאָך באַטראַכטן. יאָ, איך מאַך אָפט ביי מיר אין ווילע קינסטלער־אָוונטן. פאַר וואָס זעט מען אייך ניט ?

פּאָעט

ניט געהאַט די ערע צו ווערן איינגעלאַדן.

גרושה

די שולד פון מיין סעקרעטאַרשע. איר וועט מיר געבן אייער אַדרעס

און איר באַקומט די ערשטע איינלאַדונג. ס׳וועט מיר פֿאַרשאַפֿן פֿרייד צו האָבן אייך צווישן מיינע קינסטלער־געסט.

**פּאָעט**

איר זאָלט עס האָבן. און מיין דאַנק דערנאָך.

גרושה

אַזוי זיינען שוין די דיכטער. דעם דאַנק שטענדיק שפּעטער. נו, מיין פּיפּי רייסט זיך — צייט צו גיין. באַי־באַי.

**פֿאַבריקאַנט** (צו עלזאַן)

די זון נעמט פֿאַרגיין. ס׳ווערט קיל. איר קאָנט נאָך כאַפּן אַ פֿאַרקיי־לונג, עלזאַ. כ׳האָב נאָר וואָס געזען אייער פֿאָטער, ער איז אומגעדולדיק, וואַרט אויף אייך. (וואַרפֿט אַ קרומען בליק אויפֿן פּ אָ ע ט)

**עלזאַ**

אַ דאַנק. מיר איז ניט קאַלט. וועל נאָך דאָ זיצן אַ ווײַלע. כ׳האָב ליב צו זען ווי די זון גייט אונטער איבער דער אָזערע.

**פּאָעט**

אָט דאָס איז פּאָעזיע.

(ג ר ו ש ה און פֿ אַ ב ר י ק אַ נ ט גייען אָפּ)

**עלזאַ** (נאָך אַ לענגערער פּויזע. שאַרט מיטן פֿוס אין זאַמד)

זאָגט, קאָן פֿון אָט די שטיינדלעך ווערן דימענטן?..

**פּאָעט**

איך בין ניט קיין אַלכעמיקער. נאָר אויב דאָס זאָל געשען, וועלן דימענטן ווערן שטיינדלעך.

**עלזאַ**

וועלן ווערן זיך אויסגלייכן. ניט בעסער אַזוי?...

**פּאָעט**

ניין. ס׳מוזן זיין ווערטן אין לעבן, אין פּאָעזיע, אין קונסט. ווען ניט, וועט יעדעס שטיינדל זיך גרויסן. יעדער שמירער זיין גלייך מיט דיר...

עלזא

**האָט איר אַמאָל פּרובירט ציילן די שטײנדלעך ביים ברעג אָזערע, איר פּאָעט?**

**פּאָעט** (אין פאַרלעגנהייט)

**צו וואָס איז דאָס נייטיק?..**

עלזא

**צייטפאַרטרייב...**

**פּאָעט** (הייבט זיך אויף. מיט שטאָלץ)

**די שטערן אין הימל האָב איך שוין פּרובירט ציילן... אינטערעסאַנטער.**

עלזא

**זיי איבערגעציילט?**

**פּאָעט**

**אין מיין דיכטונג, געוויס...**

עלזא

**הייסט עס, דערגרייכט אַ ברעג... אַ ציל...**

**פּאָעט**

**פון דעם ניט געטראַכט.**

עלזא (שטעלט זיך אויף. קאַרטשעט זיך איין און פאַרוויקלט זיך פעסטער אין באַד־מאַנטל)

**פּאָעט**

**און דער זון־פאַרגאַנג?..**

עלזא

**אַן אַנדערש מאָל...**

**פ אָ ר ה אַ נ ג**

## צווייטער אקט

### בילד איינס

מיט צוויי וואַכן שפּעטער. אַ נאָכמיטאָג. די זעלביקע אויסשטאַטונג פון דער ערשטער סצענע אין ערשטן אַקט. דער פּראָפעסאָר, אין ברילן, זיצט אויף אַ לאַנגן שטול. קוקט אַריין אין אַ צייטונג. פאַבריקאַנט קומט אַן פון רעכטס.

פאבריקאנט

העלאָו, פּראָפעסאָר!

פּראָפעסאָר (הייבט אַרויס דעם קאָפּ פון דער צייטונג)

אָ, דאָס זענט איר. נעמט פּלאַץ אויף מיין טעראַסע. שוין לאַנג ניט געהאַט מיט אייך קיין שמועס. מען זעט אייך ווייניק. יאָ, איר ווייסט, וואָס מער איך לייען די צייטונגען, אַלץ מער האָב איך האַרצקלעמעניש.

פאַבריקאַנט (זעצט זיך אַנטקעגן פּראָפעסאָר)

איך האָב ביי מיר אָפּגעמאַכט, אַז איך פאָר אַרויס זיך אָפּרוען, ניט צו לייענען קיין צייטונגען. איבערהויפּט נאָך היינטיקע צייטן.

פּראָפעסאָר

מען מוז דאָך נאָכפאָלגן די געשעענישן. נאָר ווער קאָן! דער פּאָליטישער הימל וואָלקנט זיך ווידער.

פאבריקאנט

דאָס איז זיין אויפגאַבע.

פּראָפעסאָר

איר ווילט זאָגן, אַז ס'איז די אויפגאַבע פון דער מענטשהייט זיך אַליין צו פאַרניכטן.

פאבריקאנט

ניין. זיך אויסצובעסערן.

פראָפעסאָר

זיך אויסצובעסערן! טויזנטער מאָל אין דער געשיכטע האָט דער הימל זיך פאַליטיש געוואָלקנט, זיך אויסגעקלאָרט, ווידער געוואָלקנט, ווידער געקלאָרט, און ווו האַלטן מיר? מאָראַליש שטייט דער מענטש נאָך היינט אין דעם אייביקן דזשאָנגל פון פאַרשלינגען דעם צווייטן. און דאָס, מיט אונדזער פריידיקן עוואָלוציע און מיט אייערע רעוואָלוציעס.

פאבריקאנט

כ׳זע, פראָפעסאָר, איר פאַלט ווידער אַריין אין פעסימיזם. דאָס פּאַסט ניט פאַר אייך.

פראָפעסאָר

וואָס אַ טאָג פאַרליר איך אַלץ מער מיין אָנהאַלט, מיין גלייכגעוויכט. נו, יאָ, פעסימיזם... אָפט פיל איך, אַז דאָס איז מיין איינציקע רעטונג, מיין דערהאָלונג —

פאבריקאנט

אַ גאַנץ צווייפלהאַפטע דערהאָלונג. באַזונדערס אויף דער עלטער.

פראָפעסאָר

אָבער וואָס טוט מען פאַרט, ווען מען זעט ווי אַלץ אַרום דיר גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, ווי דער מענטשלעכער מאַרך זוכט און געפינט נייע וועגן און מיטלען צו צעשטערן, וואָס גאָט האָט געשאַפן און דורות האָבן געבויט.

פאבריקאנט

איר ווילט זאָגן, אַז די וועלט האָט ניט פּראָגרעסירט פאַר די לעצטע עטלעכע טויזנט יאָר?

פראָפעסאָר

וואָס מער איך פאַרטראַכט זיך, אַלץ מער זע איך איין, אַז מיר זיינען גענאַרט מיט אונדזער ציוויליזאַציע. ס׳איז אַ פּראָגרעס פון טעכניק, פיזיק, זאָל זיין אויך קונסט. אָבער אין מאָראַל און געטלעכקייט — ניט אַ שריט ווייטער. און אפשר גייען מיר נאָך צוריק...

פאבריקאנט

איר, פּראָפעסאָר, גייט שוין אַ ביסל צו פיל צוריק, מוז איך זאָגן.

פּראָפעסאָר

אַ גרויסער נביא האָט אַ מאָל פּראָקלאַמירט די נבואה פון „באחרית הימים״. נו, זאָגט, שטייען מיר ניט היינט פּונקט אַזוי ווייט פון ציל ווי אין דעם טאָג, ווען די נבואה איז געמאַכט געוואָרן?

פאבריקאנט

ס'ווענדט זיך ווי מען קוקט, פּראָפעסאָר. נאָר איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל: הערט אויף לייענען צייטונגען. ניט געזונט פאַר אייערע נערוון.

פּראָפעסאָר

אָפט טראַכט איך אויך אַזוי. איך פּרוביר אָפּווענדן מיינע בליקן פון די פּאָליטישע נייעס. איך כאַפּ אַ קוק אין לאָקאַלע געשעענישן, רכילות, מאָרדן, און נאָך פון דעם פאַרביקן שטאָף. אָט לייען איך היינט אַ טשיקאַווע שטיקל נייעס. אַ מאַן און אַ פרוי האָבן זיך צעקריגט. ניט קיין פאַמיליע־רייסעריי, נאָר אַ פּאָליטישע. מען שטייט פאַר וואַלן. דער מאַן וויל שטימען פאַר איין פּאַרטיי, די פרוי פאַר דער צווייטער. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, די בלוטן האָבן זיך צעהיצט, נעמט די פרוי אַ רעוואָלווער און שיסט אַריין אַ קויל אין איר מאַן. צום גליק ניט שווער פאַרוווּנדעט.

פאבריקאנט

נו, דאָס איז שוין משוגעת.

פּראָפעסאָר

ניט משוגעת, נאָר פרויענרעכט, פרויען־עמאַנסיפּאַציע. יאָ, די היינטיקע פרוי האָט צו פיל פרייהייט, ווייס פּשוט ניט וואָס צו טאָן מיט דעם.

פאבריקאנט

אויב עס רעדט ניט אין אייך פאַרביטערונג, איז עס איינפאַך רעאַקציע, הער פּראָפעסאָר.

פּראָפעסאָר

איך בין מיין גאַנץ לעבן געווען אַ ליבעראַל, געפּריידיקט עוואָלוציע. מיינע שריפטן זאָגן עדות. אין געוויסע קרייזן האָט מען מיך אַפילו גע־שטעמפּלט פאַר אַ ראַדיקאַל. מיך אויך גערופן צו אַ סענאַט־פאַרהער — אָט,

איר ווייסט דאָך, יענע קאָמיטע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט געדאַנקן־קאָנטראָל... נו, עס רעדט פון מיר ניט אַרויס רעאַקציע. נאָר איך בין געוווינט צו אַנאַ־ליזירן זאַכן, געשעענישן. פאַמיליע־קריגערייען — ניט קיין נאָווינע. ניט זעלטן שיסט אַ פרוי אויף איר מאַן אין צאָרן, אייפערזוכט, פאַרצווייפלונג. אורזאַכן פעלן ניט. אָבער ביז די פרוי איז ניט געוואָרן עמאַנציפּירט, האָט זי ניט געשאָסן אויף איר מאַן פאַר וועלן שטימען פאַר דעם קעגנקאַנדידאַט פון אירן.

פאַבריקאַנט

איר זענט היינט שלעכט געשטימט, הער פּראָפעסאָר.

פּראָפעסאָר

מעגלעך. נאָר זעט, עס גייט אָן אין לאַנד אַ פּאָליטישער וואַל־קאַמפּיין. פיל ערנסטע פראַגן, אינערלעכע און אויסערלעכע, דאַרפן אַנטשיידן ווערן. און דאָ קומען פרויען מיט זייערע עמאָציאָנעלע שטימונגען און ריידן אַריין. זייער גאַנצע פּאָליטישע וועלט־אָנשויונג איז געפיל, סימפּאַטיע, אַנטיפּאַטיע. אַפילו עקאָנאָמישע פראַגן ווערן ביי זיי פאַרטונקלט. אַזוי ווערט אַנטשידן דער שיקזאַל פון אַ לאַנד, פון דער וועלט. און — לאַכט ניט וואָס איך וועל אייך זאָגן: ווען מען פאָלגט מיין עצה, וואָלטן די מענער ביי זיך אַליין געדאַרפט צונעמען זייער שטימרעכט. עס איז ניט מער דעם מאַנס וועלט. די פרוי איז די הערשעריק. צו וואָס זאָלן מיר מענער זיך נאָכשלעפּן? זאָל די פרוי אַליין גיין צום שטימקאַסטן און מיר, מענער, וועלן בלייבן אין שטוב ניאַנטשען די קינדער.

פאַבריקאַנט

איך קאָן ווידער ניט איינשטימען מיט אייך, הער פּראָפעסאָר. איך האַלט, אַז די היינטיקע פרוי איז פונקט אַזוי פּאָליטיש באַוווסטזיניק ווי דער מאַן. פון איינצלנע פאַלן בויט מען ניט קיין טעאָריעס, ציט מען ניט קיין שלוסן. די געשיכטע ווייס פון פרויען, וואָס זיינען געגאַנגען אויף די באַריקאַדן און געהאָלפן אין קאַמף פאַר פרייהייט, פאַר מענטשלעכער ווערדע. איך דאַרף עס אייך ניט דערמאָנען. גיט אויף אייערע כמורנע געדאַנקען, וועט איר זיך פילן בעסער. — (קליינע פּויזע) יאָ, האָט איר וואָס געהערט פון עלזאַן?

פּראָפעסאָר

נו, איר ווייסט דאָך. צוויי וואָכן ווי זי האָט פאַרלאָזן דעם מאָלער און איז אַוועק מיט דעם געשוואָלענעם קאָפּ, וואָס זאָגט, אַז ער איז אַ דיכטער. די גאַנצע צייט פון איר ניט געהערט (זיפצט) אָרעם קינד... זי קאָן קיין רו ניט געפינען.

פאבריקאנט

אַזוי זיינען היינטיקע קינדער. אויך איך האָב ניט קיין נחת פון מיין זון. אָן איינציק קינד. געבליבן קליין ווען זיין מוטער איז געשטאָרבן. האָב אים געגעבן אַ גוטע דערציונג. געוואָלט אים צוגרייטן צו קאָנען זיין נוצלעך אין מיין פאַבריק, אָדער זאָל ער אויסקלויבן אַ פּראָפעסיע. נאָר זיין קאָפּ איז ניט געווען אין לערנען. עס האָט אים געצויגן צו טעאַטער, סינעמאַ. איז ער אַוועק אין האָליוווד. וויל דאָרטן ווערן אַ סטאַר. דערווייל מוז איך אים שיקן געלט, ער זאָל ניט אויסגיין פון הונגער.

פּראָפעסאָר

די זעלביקע געשיכטע. אַזוי אויך מיט מיין עלזאַן. אַרויסגעוויזן גוטע פעאיקייטן, נאָר ניט געוואָלט לערנען. זיך אַרומגעדרייט אין די קינסטלער־קרייזן, פאַרלאָזן דעם קאָלעדזש. זי איז קוים צוואַנציק יאָר אַלט געווען, ווען זי איז אַוועק מיט דעם מאָלער. און איצט — ניט גוט. איך בין הילפ־לאָז. (לאָזט זינקען דעם קאָפּ)

פאבריקאנט

איך האָב מיט אייער עלזאַן אַ פּאָר מאָל גערעדט. זי איז אַ קלוג, פאַרשטענדלעך מיידל. איך האָב דעם איינדרוק, אַז זי פילט, זי גייט פאַר־לאָרן, וואָלט וועלן זיך אַרויסרייסן פון דעם קרייז, ווערן פּראַקטיש, טעטיק. עס פעלט איר ווילן. איך וואָלט איר גערן געהאָלפן, ווייס איך ניט מיט וואָס...

פּראָפעסאָר

יאָ, זי נייטיקט זיך אין הילף. דער פאָטער איז צו שוואַך. זי האָט קיין מאָל זיך ניט גערעכנט מיט מיין אויטאָריטעט. די מוטער האָט אין דעם צוגעהאָלפן. דירעקט אָדער אומדירעקט. איצט זיינען מיר אַלע דריי צעטיילט, צעשפּרייט — אָן אַ געמיינזאַמער שפּראַך (זיפצט)

מאַלער (קומט אָן פון רעכטס, צעשויבערט, צעטראָגן)

איז עלזאַ ביי אייך ?

פראָפעסאָר

זי ניט געזען צוויי וואָכן.

מאַלער

ווי קאָן זי זיין... (קוקט זיך אַרום) איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געגאַנגען צום פּאָעט אין הויז. געגלייבט זי דאָרטן צו געפינען. געוואָלט מיט איר ריידן. זי קאָן דאָך ניט בלייבן מיט דעם אָנגעבלאָזענעם אינדיק. אַן איבערגעניצעוועטער דאָן זשואַן. רייסט אַראָפּ די גאַנצע וועלט און אַליין איז דאָס אַ גראַפאָמאַן. אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט, איז — חוצפּה, אַ גלאַט צינגל. יאָ, און בליציקע אייגעלעך... דאָס נעמט אויס ביי פרויען.

פראָפעסאָר

ווו איז עלזאַ ?

מאַלער

ווען איך וויים !... שכנים האָבן מיר דערציילט, אַז מען האָט לעצטנס פון זייער וווינונג געהערט קריגערייען און אַז עלזאַ האָט אָפט געוויינט אויפן קול. מען האָט געזען די גרושה אַ פּאָר מאָל זיי באַזוכן. און היינט — (אונטערברעכט זיך)

פראָפעסאָר

וואָס היינט ?

מאַלער

היינט פרי איז דער שאַרלאַטאַן אַוועק מיט דער גרושה און פאַרלאָזן דעם אינדזל.

פראָפעסאָר

און עלזאַ ?

מאַלער

זי איז אַ ווילדע פאַרבליבן אין צימער. מען האָט געהערט זי אַרומשפּרייזן הין און צוריק. אײַן פרוי, וואָס וווינט טיר אין טיר, זאָגט, אַז מען האָט אַפילו געקאָנט הערן ווי זי ברעכט די הענט... דערנאָך האָט מען זי געזען

אַוועקגיין אין דער ריכטונג צו דער אַזערע... דאָרט, ווו דער שפּיציקער פעלדז קוקט אַרויס... זי האָט אָבער ניט געהאַט מיט זיך דעם באָד־קאָסטיום... איך וועל גיין צו דער אָזערע, אפשר וועל איך זי דאָרטן געפינען.

פאַבריקאַנט (שטעלט זיך אויף).

וואַרט, יונגערמאַן, איך גיי מיט. (פאַבריקאַנט און מאָלער אַפּ לינקס)

לענגערע פויזע. פּראָפעסאָר זוכט צו לייענען די צייטונג, נאָר לייגט זי באַלד אַוועק אין אַ זייט. ער איז אין קענטיקער אומרו. בלייבט פאַרזונקען מיטן קאָפּ אין די הענט. פון דער אָזערע־זייט, לינקס, דערהערט זיך אַ טומל, וואָס טראָגט זיך נענטער און שטאַרקער. ער הייבט אויף דעם קאָפּ און בלייבט דערשראָקן צו דער ריכטונג פון דעם טומל. פאַבריקאַנט קומט אַן פון לינקס. זעט אויס דערשראָקן.

פּראָפעסאָר (שטעלט זיך אויף)

וואָס האָט פּאַסירט?

פאבריקאנט

באַרואיקט אייך... די געפאַר איז פאַרביי...

פּראָפעסאָר

וועלכע געפאַר?

פאבריקאנט

עלזאַ... זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער... געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד... מען האָט זי שנעל אַרויסגעראַטעוועט. זי אָטעמט... זי לעבט... אַ דאָקטאָר זאָגט: קיין געפאַר (דער טומל ווערט אַלץ נענטער).

מאָלער (קומט צו לויפן. עס פעלט אים אָטעם)

עלזאַ... מען ברענגט זי אַהער... זי האָט געעפנט די אויגן און מיך אָנגעקוקט...

פּראָפעסאָר (מאַכט אַ פּאָר טריט אַראָפּ פון דער טעראַסע, דעם טומל אַנטקעגן)

עלזאַ, עלזאַ!..

פאָרהאַנג

## בילד צוויי

צוויי שעה שפּעטער. די זעלביקע אויסשטאַטונג ווי אין דעם צווייטן בילד פון ערשטן אַקט. עלזאַ, אין אַ שלאָפראָק ליגט אויף דער סאָפע. האָר צעלאָזן, גלאַנצן נאָך פון נאַסקייט. פּנים בלווילעך־רויט. פּראָפעסאָר זיצט דערביי אויף אַ שטול. האַלט איר האַנט.

פּראָפעסאָר

דו ברויכסט פיל רו, מיין קינד, זאָגט דער דאָקטאָר.

עלזאַ (מיט שוואַכער שטים, וואָס ווערט קרעפטיקער מיט די ווערטער)

איך פיל זיך איצט לייכטער, פּאַ.

פּראָפעסאָר

אַזאַ שריט — פאַרלאָרנקייט, מיין קינד. ביסטו אומגליקלעך?

עלזאַ

ניט מער, פּאַ.

פּראָפעסאָר

דאָס פרייט מיך. דאָס לעבן האָט דאָך אַזוי פיל ליכט, אַזוי פיל פרייד.

עלזאַ

מען דאַרף עס קאָנען געפינען...

פּראָפעסאָר

איז דיר אַזוי שווער? דו ביסט נאָך יונג. פאַרמאָגסט גייסט. מער ווילן, מיין קינד!

עלזאַ

אַלץ געווען אין נעפּל... די נשמה געפאַנגען פון אַן אומפאַרשטענדלעכן דראַנג... מיראַזשן פאַר די אויגן... דער קערפּער האָט מיר מער ניט געהערט.... כאָטש אָפט געוואָלט גלייבן, אַז איך טו אַלץ מיט מיין פרייען ווילן.

פּראָפעסאָר

איך פאַרשטיי, כ׳פאַרשטיי. אָבער דער לעצטער שריט — וואָס האָט דיך צו דעם געבראַכט?

עליזאַ (זעצט זיך האַלב אויף, מיט דער הילף פון פאָטער, אָנגעשפּאַרט אין קישן)

געגלייבט צו געפינען עפּעס ניי... נענטער צו דער נשמה... מער זין אין לעבן.. און פּלוצלינג דערזעסטו, ווי דו ווערסט צעדריקט, אויפגעגעסן פון אַ רויב־פויגל... אַ רויב־פויגל מיט פּאַפּירענע פליגל... דער שנאָבל שאַרף, גיריק. די פּאָעזיע — ערגייץ. די נשמה — אַ שמאַטע. דאָס געוויסן — דערטרונקען אין אַ זומפּ פון ציניזם, אָפּלאַכעריי. און אפשר גאָר קיין מאָל ניט געווען וואָס דערטרונקען צו ווערן... דו זעסט, אַז דיין קערפּער איז אַ ציל פאַר נאָך אַ ברודיקן שפּרונג פון אָט דעם רויב־פויגל. דיין נשמה אויסגעלאַכט... פּוסט... ניט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַוועק מיט אָט דער גרושה, אַליין אַ פויגל מיט אָפּגעברענטע פליגל, אויסגעצופּטע פעדערן, די שענדלעכע נאַקעטקייט פאַרהילט אין פּוץ און פּאַרפום...ביידע זוכן קעגנזייטיקע דערגאַנצונג. זי האָט געלט. און ער — דער דאָן זשואַן, אויף וועמען עס וואַרט מאָרגן דער רינשטאָק. יאָ, מאָרגן. ס׳וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן. נאָר דאָס איז ניט וויכטיק. וואָס מיך האָט געדריקט, געטריבן ביז משוגעת, איז מיין אייגענע שוואַכקייט. אַזוי שנעל פאַרכאַפּט, אַריינגעפאַלן. און נאָך שנעלער צעטראָטן, אויסגעלאַכט (פּויזע) זיי ניט באַזאָרגט, פּאַ. איך האָב דערוואַכט. פון גרונט אָזערע אַרויס צו אַ ניי לעבן.

פּראָפעסאָר

איך הער דיינע רייד און איך דערקען מיין קינד. ווו ביסטו די גאַנצע צייט געווען? פאַר וואָס אַזוי לאַנג אין אָט דעם לעבן פון מיראַזשן?! פאַר וואָס ניט פריער?... נאָר איך בין אָנגעפילט מיט פרייד. איך האָב צוריקגעפונען מיין טאָכטער. (בייגט זיך איבער און גיט איר אַ קוש אין שטערן)

מאָלער (טרעט אין, טראָגט אַ קליינעם טשעמאָדאַן, צו עליזאַ)

איך האָב דיר געבראַכט אַ קלייד און וועש איבערצוטאָן.

עליזאַ

אַ דאַנק. שטעל עס אַוועק.

(מאַלער שטעלט אַוועק דעם טשעמאָדאַן לעבן דער סאָפע)

פּראָפעסאָר (צום מאָלער)

עלזאַ טאָר איצט ניט ווערן געשטערט. זי דאַרף רו, קיין אויפרעגונג, זאָגט דער דאָקטאָר.

עלזאַ

ער שטערט ניט, פּאַ.

פּראָפעסאָר

נאָר רעג זיך ניט אויף, עלזאַ (גייט אָפּ אין צווייטן צימער)

מאָלער

ווי פילסטו זיך, עלזאַ?

עלזאַ

אַ נייער מענטש.

מאָלער

אָט דער לומפּ! דיך געבראַכט צו אַזאַ שריט.

עלזאַ

די רפואה, וואָס איך האָב נייטיק געהאַט.

מאָלער

דאָס האָט דאָך געקאָנט דיך פון דער וועלט אַוועקברענגען.

עלזאַ

וואָלט עס מעגלעך אויך געווען אַ רפואה... נאָר האָב איך דאָס לעבן צוריקגעפונען, הייב איך אָן זען אַ ניי ליכט.

מאָלער

עלזאַ, ווילסטו צו מיר צוריקקומען?

עלזאַ

טראָגסטו ניט אויף מיר קיין שלעכט האַרץ, וואָס איך בין פון דיר אַוועק?

מאָלער

עס האָט מיך טיף געקרענקט, געוויס. נאָר איך באַשולדיק דיך ניט... אָט דער אויסוווּרף! (קוקט זיך אַרום אין צימער, ווי זוכנדיק עמעצן)

עלזאַ

עס איז ניט זיין שולד. ער איז דאָס, וואָס ער איז. ער קאָן אַנדערש ניט זיין ווי זיין קרענקלעכער ערגייץ, זיין פּאַטאַלאָגישער טריב, צו דער־הייבן זיך איבער אַלעמען... עס איז די שולד פון נאַיווע קינדער, שמעטער־לינגען, וועלכע רייסן זיך צו דעם פאַלשן פייער און ווערן פאַרברענט...

מאָלער

דו געפינסט נאָך פאַרטיידיקונג פאַר אים!

עלזאַ

ניין. פאַרטיידיקן איז ניטאָ וואָס, ניטאָ וועמען. איך קאָנסטאַטיר אַ דער־שיינונג אין דעם לעבן פון יונגע קינדער, פון פיל מיידלעך ווי איך, וועלכע זוכן, אין דעם אָנקום פון רייץ, צו געפינען עפּעס שיינס, פּאָעטישס, דער־הויבנס. יאָ, און ווען מיט דער צייט דערזעען זיי אַרום זיך שפּליטער, צאַנקענדיקע פונקען אין דער לעצטער כוואַליע פון ווינט, דעמאָלט זיינען אָט די קינדער שוין אַליין האַלב אָדער גאַנץ פאַרלאָרן.

מאָלער

דו ביסט געקומען צו מיר, ווען דו ביסט נאָך אַזוי יונג געווען. עלזאַ, זאָג, בין איך פאַר דיר געווען אַן אַנטוישונג?

עלזאַ

יאָ און ניין. איך האָב געגלייבט צו לעבן מיט דיין קונסט, דיר העלפן שטייגן, זיך פרייען מיט דיינע דערפאָלגן. נו, מיר האָבן זיך ביידע גענאַרט. דו ביסט ניט געשטיגן. דיין אומרו אין שטענדיקן זוכן... ווי לאַנג אַזוי?... דו האָסט דיין פרוי קיין מאָל ניט ליב געהאַט, האָסטו מיר געשוואָרן. האָב איך דיר געגעבן ליבע. אָבער פיר קינדער האָסטו אויף דער וועלט געבראַכט פון אַ פרוי אָן ליבע... גיי צו זיי! זיי וואַרטן אויף דיר. אויך דיין פרוי וואַרט אויף דיר. אפשר וועסטו אויסגעפינען, אַז דו האָסט זי יאָ ליב געהאַט. די גאַנצע צייט. דו קאָנסט נאָך אויף ס׳ניי אויפלעבן אין דיין היים.

מאָלער

עלזאַ, דו שטויסט מיך אָפּ פון זיך!.. ד אָ ס איז דיין באַלוינונג...

(שפּרייזט איבערן צימער צערודערט)

עלזאַ

**דאָס פאַלשע פייער איז פאַרלאָשן געוואָרן — דאָרטן, אין דעם אָפּ־גרונט פון דער אָזערע... געזוכט האָב איך צו פאַרלעשן מיין לעבן. מענטשן האָבן מיך אַרויסגעראַטעוועט. איצט טאָגט פאַר מיר אַ נייַ ליכט... אַ נייער האָריזאָנט גייט אויף, רופט... וווהין ער וועט מיך ברענגען ווייס איך ניט. אָבער דער אַלטער וועג איז אָפּגעווישט. איך וויל פון אים ניט מער קיין שפּור. טויט... פאַרשטייַ, זיי ניט בייז — אָ, איך פיל זיך מיד...** (קערט אָפּ דעם קאָפּ צום וואַנט).

מאָלער

**וועל איך גיין... אַלץ פאַרלאָרן... גוד באַי, עלזאַ** (אָפּ)

(**קורצע פויזע**)

**פּראָפעסאָר** טרעט איין. באַטראַכט עלזאַן. שטיל, צו זיך)

**זי שלאָפט... די רייד... אַזוי פיל אָנשטרענגונג...** (אָפּ צוריק אין זיין צימער)

(**פויזע**)

**פאַבריקאַנט** (טרעט איין, אַ פלאַש אין האַנט. עלזאַ דערוואַכט, דער־הערנדיק טריט פון דער דרויסנטיר. קערט אום דעם קאָפּ)

**איך האָב אייך ניט געוואָלט שטערן, עלזאַ.**

עלזאַ

**איר שטערט ניט. איך פיל זיך שוין בעסער.**

**פאַבריקאַנט** (שטעלט אַוועק די פלאַש אויף אַ טיש)

**איך האָב אייך געבראַכט אַ פלאַש קאָניאַק. טרינקט. עס וועט אייך גוט טאָן. זאָל איך אָנגיסן?**

עלזאַ

**ניין. אפשר שפּעטער. אַ דאַנק. זיצט.**

**פאַבריקאַנט** (זעצט זיך לעבן דער סאָפע. לייגט אַרויף זיין האַנט אויף עלזאַס שטערן, ווי פילנדיק פיבער)

**קיין היץ. גוט** (ציט צוריק די האַנט), **אַזאַ שריט — מען טאָר זיך ניט פאַרלירן, עלזאַ.**

עלזאַ

אָפּט אין לעבן דערפֿילט מען, אַז אַלץ איז פֿאַרלאָרן...

פֿאַבריקאַנט

אַזוי איז שוין מיט דער יוגנט. מען ווערט אַנגעלאָקט פֿון אַ מיראַזש. מען גייט אים נאָך. און פּלוצלונג דערזעט מען זיך שטיין ביי אַן אָפּגרונט —

עלזאַ

ריכטיק.

פֿאַבריקאַנט

וואָס איז געווען, זאָל זיין פֿאַרגעסן. איר דאַרפֿט איצט אָנהייבן אַ ניי לעבן, עלזאַ. טאָן עפּעס נוצלעכס.

עלזאַ

דאָס וואָס איך טראַכט.

פֿאַבריקאַנט

איר דאַרפֿט הילף, אַ וועגווייזער. און קודם זיך נעמען אין די הענט אַריין.

עלזאַ

איך בין אַנטשלאָסן עס צו טאָן. און אַ וועגווייזער ? — איך וועל עס אַליין מוזן זיין.

פֿאַבריקאַנט

דאָס איז גוט. נאָר דאָך — נאָך אַזאַ לעבן... איר זענט אָפּגעשוואַכט. אייער פֿאָטער — איר זעט דאָך, אַ צעבראָכענער מענטש. ניט מער זיין וועלט. פֿאַרלאָרן. ליידט פֿיל. יאָ, איר מוזט אַריין אין אַ געזונטער אַטמאָס־פֿער, אין אַ פּראַקטישער וועלט.

עלזאַ

כ׳וועל עס פּרובירן געפֿינען.

פֿאַבריקאַנט

איך בין גרייט אייך באַהילפֿיק צו זיין, עלזאַ. (עלזאַ קוקט אים אָן מיט פֿאַרשונדיקע בליקן) איר דאַרפֿט באַשליסן, צי איר ווילט זיך נעמען צוריק צום שטודיום, לערנען אַ פּראָפֿעסיע, אָדער עפּעס וואָס אַנדערש.

עלזאַ

כ׳בין ניט זיכער אויב שטודיום. איך וויל בעסער זיך נעמען צו אַן אַרבעט. ווערן אַן אויפפּאַסערין ביי קינדער. אָדער — יאָ, עפּעס אַ פיזישע אַרבעט. אין אַ פאַבריק.

פאַבריקאַנט

איך קאָן אייך אַריינּנעמען צו מיר אין פאַבריק. ניט קיין צו שווערע אַרבעט. אין אָפיס. וועל שוין געפינען דאָרט פאַר אייך אַרבעט.

עלזאַ (זעצט זיך אויף)

איך בין צופרידן. אָפּגעמאַכט! (גיט אים די האַנט)

פּראָפעסאָר (קומט אַריין. שטראַלט אויף פון פרייד)

איך זע, עלזאַ, אַז דו פילסט זיך בעסער. דו זיצסט שוין.

עלזאַ

איך מוז ווערן שטאַרק. איך גיי אַרבעטן.

פּראָפעסאָר

ווו? ווען?

עלזאַ

אין דער פאַבריק פון אָט דעם דזשענטלמען (ווייזט אויף דעם פאַברי־קאַנט)

פּראָפעסאָר

אַרבעטן?! דאָס איז שיין. (קושט עלזאַן)

פ אָ ר ה אַ נ ג

## בילד דריי

**אַ יאָר שפּעטער.**

**די צוויי טעראַסן פון די צוויי קאַבינעס, ווי אין ערשטן בילד פון ערשטן אַקט. נאָר די טעראַסע רעכטס זעט זיך אויס לענגער. אויף איר צוויי לאַנגע שטולן, אַ קינדער־וועגעלע. אויף דער טעראַסע לינקס זיצט דער פּראָפעסאָר. ער קוקט אַריין אין אַ צייטונג. ס׳איז אַ זוניקער פאַרמיטאָג.**

**פאַבריקאַנט** (קומט אַרויס פון דער קאַבינע רעכטס. אַ קינדער־דעקעלע אויף זיין אָרעם)

**העלאָ, פּראָפעסאָר!**

**פּראָפעסאָר** (לייגט אַוועק די צייטונג אין אַ זייט)

**נאַ, איך וועל שוין די וועלט ניט איבערמאַכן!**

**פאַבריקאַנט**

**מען מוז זיך באַמיען דאָס צו טאָן.** (לייגט אַוועק די דעקעלע אין קינדער־וועגעלע).

**פּראָפעסאָר**

**אַרויסגעוואָרפן! אַז מענטשן ווילן אַריבערשפּרינגען זיך אַליין.**

**פאַבריקאַנט** (זעצט זיך אַוועק אין שטול)

**דאָס איז ניט קיין נייעס.**

**פּראָפעסאָר**

**מען האָט געשפּאָלטן דעם אַטאָם. געוויס, פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג. אָבער גלייכצייטיק אויך געשפּאָלטן דעם מענטש, זיין „איך“, זיין באַוווּסט־זיין. מיר פילן ניט מער קיין זיכערע טריט אויף אַ פעסטן באָדן. מיר גייען**

אַרום ווי אין אַ טראַנס. און ווען מיר וועלן זיך אַ מאָל אויפכאַפּן, וועלן מיר שוין מער ניט זיין...

פאַבריקאַנט

די וויסנשאַפט מוז גיין פאָרויס. מיר דאַרפן קעמפן פאַר שלום, וועט אַלץ זיין צום גוטן.

פראָפעסאָר

פוסטע רייד! מען רעדט פון שלום און מען פירט קריג.

פאַבריקאַנט

פעסימיזם פירט צו אונטערגאַנג. איר דאַרפט עס וויסן.

פראָפעסאָר

איך ווייס. אַ לעבן לאַנג האָב איך געפּריידיקט אָפּטימיזם, גלויבן אין דעם מענטש, האָט מען עס ביי מיר צוגערויבט. (זיפצט).

פאַבריקאַנט

מיר דערציען אַ נייעם דור. מיר מוזן פאַר אים צוגרייטן אַ שיינע, פרייע וועלט. אָט קוק איך אויף מיין בייבי און טראַכט: ניין! דאָס טאָר ניט ווערן קיין קרבן פון אַטאָם־באָמבעס! מיר מוזן אָפּשטעלן די געפאַר!

פראָפעסאָר

ווי קאָן מען עס, אַז פּעריאָדיש ווערן געבוירן נייע וועלט־פאַרזאָרגער, וועלט־באַפרייער, מיט דער שווערד, צי מיט דער אַטאָם־באָמבע אין האַנט?! ניין, איך וועל שוין די וועלט ניט איבערמאַכן... (קורצע פּויזע) יאָ, וואָס מאַכט די בייבי?

פאַבריקאַנט

פיין. אַ ייִנגעלע אַ פראַכט. עלזאַ גיט אים איצט עסן.

פראָפעסאָר

דערלעבט אַן אייניקל פון עלזאַן. דאָס איז מיין איינציקע פרייד. און עלזאַ אַליין איז אויך געוואָרן אַ נייער מענטש. דו האָסט זי אַריינגענומען אין דיין אָפיס און באַלד טאַקע חתונה געהאַט.

פאַבריקאַנט

פראַקטיש פאַר ביידע. זי האָט די אַרבעט אין אָפיס ניט געוואָלט אויפגעבן. ביז די הויכע חדשים געאַרבעט פלייסיק.

עלזאַ (קומט אַרויס פון דער קאַבינע רעכטס)

העלאָו, פּאַ. ביסטו גוט געשלאָפן.

פּראָפעסאָר

עס שלאָפט זיך ניט די לעצטע צייט. ווען ניט די פרישע לופט פון דעם אינדזל, וואָלט גאָר געווען שלעכט.

עלזאַ

איך האָב היינט באַקומען אַ בריוו פון דער מוטער. זי קומט אַהער. זי בענקט נאָך דער בייבי.

פּראָפעסאָר (פאַרטראַכט זיך)

הם — איך האָב די בייבי ניט געזען זינט נעכטן.

עלזאַ

די בייבי שלאָפט איצט. ווען זי ווערט וואַך, פיר איך זי אַרויס אויף אַ שפּאַציר. וועסט זי קאָנען אָנקוקן.

פּראָפעסאָר

איך האָב ליב צו קוקן אין דער בייביס אייגעלעך. צען וואָכן אַלט — און, דאַכט זיך, אַז זי דערקענט מיך שוין. (שטעלט זיך אויף) איך וועל אַריינגיין זיך צולייגן. קינדער און זקנים ציט צום בעט. (גייט אָפּ אין קאַבינע)

פאַבריקאַנט

דו דענקסט, עלזאַ, אַז דער אַלטער וועט זיך לאָזן איבערבעטן מיט דער מוטער?

עלזאַ

איך האָף. דער פּאַ קאָן אַליין ניט זיין. ער איז עלנט, שוואַך, קרענק־לעך לעצטנס. ער דאַרף האָבן אויפפּאַסונג. און די מוטער — איך גלייב, אַז זי וויל צוריקקומען. זי האָט חרטה אויף איר שריט.

(מאָלער קומט אַן פון רעכטס, מיט מאָלער־געצייג. באַגריסט זיך שטום)

פאַבריקאַנט

זע, עלזאַ, אַ גאַסט.

מאָלער (פאַרלאָרן, זוכט ווערטער)

איך בין געקומען — איך וויל ניט שטערן... מיך פרייט צו זען אַזאַ פרידלעכע היים...

פאַבריקאַנט

גוטער ווילן מאַכט אַלץ.

מאָלער

געוויס. און שלעכטע דערפאַרונג איז אויך אַ גוטער לערער...

עליזאַ (צום מאָלער, קאַלט)

דו ביסט געקומען נאָך עפּעס?..

מאָלער

איך בין געקומען דיך באַגריסן מיט דיין גליק.

עליזאַ

אַ דאַנק. און ווי גייט עס דיר?

מאָלער

איך קאָן זיך ניט באַקלאָגן. זינט איך האָב זיך צוריקגעקערט אַהיים, האָב איך פיל געאַרבעט. געהאַט אַ נייע אויסשטעלונג. אַ דערפאָלג ביי דער קריטיק, אויך מאַטעריעל.

פאַבריקאַנט

די היים איז אַ גוטע שול.

מאָלער

קענטיק אַזוי. באַזונדערס נאָך אַ צוריקקער פון זוכן... אַרומבלאָנדזשען...

עליזאַ (שטעלט זיך אויף)

איך וועל גיין זען וואָס די בייבי מאַכט.

מאָלער

איך בין געקומען מיט אַ גוטן ווונטש. איך וויל מאָלן אַ בילד פון דיר מיט דער בייבי אויפן אָרעם. דאָס זאָל זיין מיין מתנה — מיין אויסדרוק פון פריינטשאַפט.

עליזאַ (אין קענטיקער פאַרלעגנהייט)

די בייבי איז נאָך קליין — איך בין ניט געשטימט איצט צו פּאָזירן...

מאָלער

אַ פּאָר סקיצן איז גענוג. איך האָב פון דיר עטלעכע צייכענונגען פון פריער. בלויז די בייבי.

פאַבריקאַנט

דאָס וועט זיין אַ גוטע אידייע. אָבער מיר וועלן דאָס אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל.

מאָלער

איך בין גרייט צו מאָלן דאָס בילד, ווען נאָר פּאַסיק. באַי־באַי (אַן אָפּגאַנג־צייכן מיט דער האַנט. אָפּ לינקס).

פאַבריקאַנט

צוריקגעפונען זיין היים, ווייל ער זיין דאַנקבאַר.

עלזאַ (פאַרטראַכט)

נאָך ניט אַרויס פון זיין בלאָנדזשען...

פאַבריקאַנט

עס נעמט צייט.

עלזאַ (אומרואיק)

איך וואָלט אים דאָ ניט וועלן זען אַרום...

פאַבריקאַנט

ער וויל דאָך מאָלן אַ בילד פון דיר מיט דער בייבי.

עלזאַ

ווער דאַרף עס ?...

פאַבריקאַנט (שטעלט זיך אויף. נעמט אַרום עלזאַן)

דו פילסט זיך ניט גוט, עלזאַ ?

עלזאַ

אַ ביסל פיבער... ווייניק געשלאָפן... די בייבי...

גרושה (קומט אָן פון רעכטס)

העלאָו ! — אָ, זע נאָר ווער איז דאָ ! איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך וועל אייך דאָ געפינען.

פאַבריקאַנט

אַליין ? און ווו איז אייער פּיפּי ?

גרושה

אָ, מיין אָרעמער פּיפּי ! איך האָב אים אָנגעוואָרן. געטויט פון אַן אויטאָ. האָב אים געוואָרנט, ניט צו לויפן אין מיטן גאַס. נאָר ס׳האָט ניט געהאָלפן. (זיפצט אָפּ)

פאַבריקאַנט

אַ שווערער פאַרלוסט פאַר אייך. ניט אמת?

גרושה

צוגענומען ביי מיר אַ שטיק האַרץ. איך האָב אים באַגראָבן אין מיין גאָרטן און געשטעלט אַ מצבה.

פאַבריקאַנט (שמייכלט)

דאָס איז זייער נאָבל פון אייך. און וואָס איז מיט דער ירושה, וואָס איר האָט געזאָלט אים איבערלאָזן?

גרושה

די ירושה... מען צעשלעפּט זי ביי מיר ביים לעבן. גענוג כאַפּערס, רייסערס און צופּערס. מען שמעקט מיט די שנוקעס און מען כאַפּט מיט די ציין.

פאַבריקאַנט

ווער זיינען ז״י?

גרושה

ווער? — עס פעלט ניט ווער. געוואָלט זיין אַ מעצענאַטקע פאַר קינ־סטלער, העלפן יונגע טאַלאַנטן, דיכטער, מוזיקער, מאָלער, וואָס נייטיקן זיך אין הילף, דערמוטיקונג, פּראָטעקציע. געעפנט פאַר זיי מיין הויז אין שטאָט, מיין ווילע אויפן לאַנד. און וואָס? ביטערע אַנטוישונגען — איינע נאָך דער אַנדערער.

פאַבריקאַנט

איר זענט, קענטיק, גוטהאַרציק, מאַדאַם.

גרושה

אַזוי בין איך. דאָס איז מיין נאַטור. לאָז זיך נאַרן פון יעדן —

פאַבריקאַנט

מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק אין אומגאַנג מיט מענטשן.

גרושה

אָט דער פּאָעט, וועמען כ׳האָב דעם לעצטן זומער דאָ געטראָפן. נו, פרעגט ניט, וואָס איך בין פון אים אויסגעשטאַנען. כ׳האָב אים איין מאָל איינגעלאַדן צו אַ „פּאַרטי״ פון קינסטלער. האָט איר געדאַרפט זען זיין

אויפפירונג. זיך געהאַלטן שטאָלץ, העכער איבער אַלעמען, ווי ער וואָלט געווען שעקספּיר, צי בייראָן. יעדן איינעם באַליידיקט. נו, מילא, קינסט־לעריש בלוט. מיר איז דאָס נישט פרעמד... ער איז געוואָרן ביי מיר אַ שטענדיקער אַריינגייער. און יעדעס מאָל האָט ער געדאַרפט געלט פאַר אַן אַנדערן צוועק. קיין מאָל ניט גענוג. און גענומען האָט ער דאָס געלט ווי ער וואָלט מיר געטאָן אַ טובה, מיך באַערט מיט דעם...

פאַבריקאַנט (שמייכלט)

נו, פאַר איינעם איז עס געוויס אַן ערע.

גרושה

איין מאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך וועל אַריין אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, פון דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור, ווען איך וועל אים געבן פינף טויזנט דאָלאַר, אַרויסצוגעבן זיין ניי בוך לידער. נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגן — דאָס בוך איז אַרויס, און די קריטיק האָט עס אָדער פאַרשוויגן, אָדער שרעקלעך אַראָפּגעריסן. איין רעצענזענט האָט אַפילו געגעבן אָנצוהערן, אַז עס שמעקט מיט גראַפאָמאַניע... אָט אַזוי בין איך אַריין אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור.

פאַבריקאַנט

באמת אַן אַנטוישונג. נאָר, זאָרגט ניט, די געשיכטע וועט אייך ניט פאַרגעסן... איר באַדויערט געוויס דאָס געלט, מאַדאַם?

גרושה

ניין. דאָס פאַרדריסט מיך ניט. בין געוווינט צו וואַרפן געלט אין בלאָטע. נאָר ס׳פאַרדריסט, מען ווערט גענאַרט פון יעדן אַוואַנטוריסט. אים אַריינגעלאָזט אין מיין הויז, געוואָלט העלפן, געשאָטן מיט געלט. און דאָ פאַרפירט ער נאָך אַ ליבע מיט מיין סעקרעטאַרשע... האָב איך אים געוויזן דעם וועג... אַזאַ פאַרפירער! — (פויזע) יאָ, געקומען בין איך... איך וויל בעטן אַנטשולדיקונג ביי אייער פרוי. איך האָב איר געוויס פאַרשאַפט שמערצן.

עליזאַ (מיט פאַראַכטונג).

איר זענט מיר גאָרניט שולדיק, מאַדאַם.

גרושה

**ניין? בין איך צופרידן. נאָר דער פּאָעט — ער קאָן זיך נאָך דאָ באַווייזן... זייט פּאָרזיכטיק. באַי־באַי** (אָפּ רעכטס)

עלזאַ

**אַזאַ וואַמפּיר! נאָר זי דערלייגט צו די יונגע טאַלאַנטן...** (עס קלינגט אין קאַבינע) **טעלעפאָן... געוויס פון דער מוטער** (אָפּ אין הויז)

פּאָעט (קומט אָן פון לינקס. קליידער אָפּגעטראָגן. נאַכלעסיק. פּנים פאַר־צערט. אַ בוך אונטערן אָרעם. שטעלט זיך אַ רגע אָפּ פון דער ווייטנס, ווי געצעגערט. דערנענטערט זיך מיט געציילטע שריט און וואַקלענדיקן שטאָלץ)

**אַ, העלאָו! — איר זענט דעם זומער דאָ ווידער אַרויסגעקומען?**

פּאַבריקאַנט

**מיסטער, איר זוכט עמעצן?**

פּאָעט (מיט געהויבענעם קאָפּ, קרומען שמייכל)

**איך? — איך זוך קיינעם ניט. אַלע זוכן מיך...**

פּאַבריקאַנט

**איר זענט, קענטיק, אַ גרויסער בעל־חוב...**

פּאָעט

**איך אַ בעל ־חוב?!.. כע — איך בין קיינעם גאָרניט שולדיק. די וועלט איז מ י ר שולדיק און זייער פיל... זי וייס עס ניט. א י ר מעגט עס וויסן.**

פּאַבריקאַנט

**מיך אינטערעסירט עס ניט.**

פּאָעט

**עס האָט אייך יאָ געמעגט אינטערעסירן ווי אַ וועלט איז אומוויסנדיק, ניט דאַנקבאַר אַ זשעני, וואָס באַרייכערט די מענטשהייט מיט גייסט... מיט —** (נעמט אַרויס דאָס בוך פון אונטערן אָרעם און דערלאַנגט עס דעם פּ אַ ב־ ר י ק אַ נ ט) **אָט דאָס איז מיין נייסט בוך לידער... איר קאָנט עס האָבן — פינף דאָלאַר...**

(ע ל ז אַ באַווייזט זיך אין טיר ביי די לעצטע ווערטער)

פּאַבריקאַנט (שטויסט צוריק דאָס בוך)

כ׳בין ניט פֿאַראינטערעסירט אין אייער שרייבעכץ. איר קאָנט גיין, מיסטער!

**פּאָעט**

**אָ, איר באַליידיקט דעם גרעסטן אַמעריקאַנער דיכטער... איך וועל דאָס** אייך ניט פֿאַרגעבן... ניין. (טרעט צוריק הינטערוועדטס) **איך וועל אייך פֿאַראייביקן אין אַ ליד — אַן עלעגיע...** (קלאַפּט זיך אין ברוסט) **מ י ך באַליידיקט מען ניט!** (טרעט אָפּ לינקס)

עלזאַ (ווי צו זיך)

**אַזוי טיף געזונקען... אַזוי טיף...** (אַ לייכטער וואָלקן אויף איר פּנים)

פּראָפֿעסאָר (קומט אַרויס פֿון זיין קאַבינע. טשוכעט זיך אויס פֿון שלאָף)

**פֿון וואַנען דאָ אַזאַ טומל? מיך אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף.**

**פּאַבריקאַנט**

**דאָ איז געוועזן דער פּאָעט.** (אין קעגטיקער אויפֿרעגונג) **אַזאַ חוצפּה! פּעדלט מיט זיינע לידער... איך האָב אים אָפּגעשיקט צום טייוול.**

**פּראָפֿעסאָר**

**זיין איינציק אָרט. גוט געטאָן.**

עלזאַ (צום פֿאָטער)

**פּאַ, אַ טעלעפֿאָן פֿון דער מוטער. זי איז נאָר וואָס אָנגעקומען מיט דער שיף. זי וועט דאָ באַלד זיין.**

פּראָפֿעסאָר (מיט אַ האַנט אויף דעם רוקן)

**דער קרייץ ברעכט... די פּיס דינען שוין ניט...** (לאָזט זיך אַראָפּ אין לאַנגן שטול. ציט זיך אויס) **עך, עך!..**

**פּ אָ ר ה אַ נ ג**